# אינהאַלט

בשעת מיר וועלען פאָהרען קיין ארץ ישראל
וועט זיין אַ גרויסע שמחה.

(פאלק-ליעד)

# I.

# די אויסלייזונג

יאהרען נאכאנאנד האט זיך אין מיר געשפונען א שעהנער ליעבער חלום. ערגעץ אין א ווינקעל פון דער נשמה האט א פלאנצונג געשפראצט און איז שטילערהייד און צנוע'דיג געוואכסען... אין דעם טומעל און דער שרייאינקייט פון הונדערט אינטערעסען, פון ארבייטען און פון שטרעבונגען, איז די דאזיגע פלאנצונג געבליבען נים בעמערקט... נאר אפט, אין שטילערע, רוהיגערע מי־נוטען פלעגט א ווינדטעל א בלאז געבען, און א זיסע דופטינקייט פלעגט א וועה טהאן אין געזיכט און פער־שכור'ן, און אנפילען דאס געמיטה מיט א וועהטאג און א בענקענים אהן שיעור.

און עס איז געקומען דער טאג ווען די דאזיגע פלאנ־צונג האט פאנאנדערגעפלאצט אלע איהרע קנאספען און האט זיך צובליהט און צושפרייט און האט ארייגגעפלאכ־טען אין זיך אלע מיינע מחשבות און אלע מיינע פערבאר־גענסטע פערלאנגען... און פון דעם טאג אן איז ביי מיר געווארען ארץ ישראל א ליכטיגער אינזעל וואס געפינט זיך אין עק פון א לאנגען פינסטערען וועג... אלץ וואס איז גוט און ליכטיג און שעהן איז דארטען — אויף יענעם איג־

זעל, און דעם וועג דארף מען דורכמאכען וואס שנעלער...
וועל איך נאר אהין דערגרייכען, וועלען אלע צווייפ־לען זיין געלייזט, אלע פראגעס פערענטפערט, אלע דונקעל־הייטען — העל, און עס וועט זיך אנהויבען א ניי לעבען... א נייער פריהלינג, א נייע יוגענד מיט נייע פעסטע גלוי־בענס...

---

אזוי שנעל ווי איך האב בעשלאסען דעם חלום פון יאהרען צו פערווירקליכען, האב איך דערשפירט א יום־טוב׳דינקייט וואס איך האב שוין לאנג לאנג ניט געפיהלט — עהנליך צו יענער יום־טוב׳דינקייט וואס איך האב אינ־געל־ווייז געפיהלט, ערב פסח פאר נאכט ווען איך בין מיט׳ן טאטען געגאנגען אין שוהל, און אין שוהל זיינען געווען אלע לאמפען אנגעצונדען און איטליכער ווינקעלע איז געווען אויפגעראמט און ליכטיג, און פאר מיין קינ־דערשען געדאנקען האט געשוועבט די אויסזיכט פון צוויי סדרים און פון א לאנגען, לאנגען פסח...
איך בין געווען אונגעדולדיג, און האב פון מיין אונ־געדולד שטארק געליטען. איך האב געוואלט אז עפעס על־פי־נס זאל איך זיך איין פריהמארגען אויפכאפען און געפינען אז איך בין אין ארץ ישראל, אין דעם לאנד פון זונענשיין, אזוי ווי איך האב עס שוין אנגעהויבען רופען בעצייטענס, איידער איך האב עס נאך געזעהן.
דער ליכטיגער אינזעל האט געשטראהלט און גערר־פען פון דער ווייטען... און איך האב גענומען צעהלען די וואכען, די טעג און די שטונדען.

האב איך אנגעהויבען מאכען הכנות צו דער רייזע, און ניט קוקענדיג דערויף וואס ביז מיין אפפאהר זיינען נאך געבליבען איינינע מאנאטען, האב איך די דאזיגע הכנות געמאכט מיט אזא פערהאוועטקייט און איספעט, אזוי ווי אט שוין מארגען רייז איך אפ.

---

איין טאג האט דער שטן אנגעהויבען זיין שפיעל:

— און ווי וועט זיין אז דו וועסט דארט ניט געפינען וואס דו זוכסט און ערווארטסט ?...

פלעג איך דעם שטן פערשטאפען דעם מויל מיט ביי־דע פויסטען און זאגען:

— איך זוך און ערווארט קיין זאך ניט... איך וויל נאר ארץ ישראל. איך וויל דעם הימעל און די ערד פון ארץ ישראל. זיי וועל איך דאך געפינען אויפ'ן ארט... דעם רעשט וועל איך מיט זיך ברענגען.

אבער דער שטן האט זיין פראפאגאנדא ניט אויפגע־הערט, און תמיד אין א נייער געשטאלט.

קומט ער צו מיר אין דעם גלגול פון מיינעם אן אינ־טימען פריינד וואס איז נאר וואס געקומען צוריק פון א בעזוך אין זיך קאליפארניען און ער זאגט אזוי: —

— אויב דו ווילסט א לאנד פון זונענשיין, טא צו וואס זיך שלעפען עק וועלט און זיך פעררוקען אין א האל־בען מדבר ?... סאקראמענטא און פאסאדענא זיינען דאך דער אמת'ער גן־עדן התחתון. ברודער, דו האסט נאך אזעל־כע גרויסע און אזוי פיעל רויזען ניט געזעהן אין דיין לע־בענס טאג... ארום חנוכה צייט בליהען זיי זיך ערשט

פאנאנדער, און וואלגערען זיך ממש אונטער די פיס. היינט אראנזשען און בלאע הימלען און הויכע בוימער און ים — פיעל דיין הארץ געלוסט... און א בריעף ביז ניו יארק נעהמט סך הכל פיער טעג און א טעלעגראם א פאאר מי־נוטען. און צייטונגען און זשורנאלען, און טהעאטערען...

הער איך איהם אויס און ענטפער:

— אבער איך וויל פאהרען אין ארץ ישראל...

האט זיך דער שטן פער'גנב'עט ערגעץ אין א בוידים־ווינקעל פון מח און האט פון דארטען גענומען ווארפען אלערליי שטיינער און שווער מאכען דאס הארץ...

— אפשר, אפשר איז ער טאקי גערעכט?...

אבער דער גאט פון ציון און ירושלים האט מיר גע־האלפען און די אויסלייזונג איז געקומען. עס האט פא־סירט גאנץ אומגעריכט און האט איין מאל פאר אלע מאל געמאכט א סוף צו אלע ספקות און קווענקלען זיך...

---

איך זיץ אזוי איינמאל פערטראכט ביים פענסטער, מיט אמאל זעה איך, ווי א גרויסער צוגעמאכטער אויטא־מאביל, א נייער און א גלאנציגער, אזוי ווי אט נאר וואס פון דער פאבריק ארויס, האט זיך אפגעשטעלט נעבען אונזער הויז. די טהירעל טהוט זיך אן עפען און איך דער־קען דעם בעקאנטען משכיל און כלל־טהוער מר... ער לאזט זיך גלייך צו מיר.

— א גאסט כ'לעבען...

ער דערלאנגט מיר די האנד און איך זעה אז זיינע אויגען געוועהנליך מילד און פריינדליך, זיינען שרעקליך

רוגזה׳דיג. איך פועל קוים מיט צרות ער זאל זיך זעצן, און זעה אז ער האלט מיט געוואלט איין זיין אויפרעגונג.

ענדליך ברעכט ער אוים:

— הייסט עס, אז איהר פאהרט טאקי קיין ארץ ישראל ?...

— הפנים אזוי...

— פעסט בעשטימט ?...

— פעסט בעשטימט.

— בין איך איך געקומען בעטען, ווי גאט איז אייך ליעב, האט רחמנות אויף זיך און אויף אייער ווייב און אויף אייער קינד, און אויף אייערע פריינד און שכנים, און פאקט צוריק אוים אייערע חפצים און בלייבט זיצען אויף אן ארט. איהר וועט דארט לענגער ניט זיין ווי איך, און איך בין קוים מיט׳ן לעבען אנטלאפען...

איך וויים אז ער איז א קלוגער איד און דערצו א גרוי־סער ליעבהאבער פון דער העברעאישער שפראך. א סברה אז ער פלעגט נאך אפילו אויף די עלטערע יאהרען שריי־בען בשתיקה העברעאישע שירים. הויב איך אן מיט דער שטארקער טענה:

— איך האב א קליין טעכטערל, וועט זי זיך דארטען אויסלערנען העברעאיש...

— העברעאיש — לאכט ער איראניש — אויב איהר ווילט זי זאל פערגעסען די פאאר ווערטער וואס זי קען, טא בעזעצט זיך אין ארץ ישראל. מען קען דארטען גאר קיין העברעאיש נים. ענטוועדער א מין „מגלה טמירין״ לשון אדער רוסיש. מעהר פון אלצדינג רוסיש. ווארום אין עצם געגומען זיינען אלע איינוואוינער פון תל־אביב

— און איהר וועט דאך מסתמא וואוינען אין תל־אביב — אסימילאטארען און אנטיסעמיטען...

פרוביר איך א סוחר׳ישען ארגומענט :

— דאס לעבען איז דארט ביליג... שפייזען און אלע לעבענס־בעדירפעניסען זיינען בחצי חנם.

שיסט ער אויס מיט א געלעכטער : —

— איהר האט נאך אזא יקרות׳דיג לאנד ניט געזעהן. בראנד טהייער צו וואס איהר ריהרט זיך צו. א פונט פו־טער קאסט אזוי פיעל וויפיעל ביי אונז אן אינגערסאל־זייגער.

— זיינען אבער די עסענס פריש און בע׳טעמ׳ט — כאפ איך זיך אן א שטרוי.

— וואס מיר פריש און בע׳טעמ׳ט ? מע קען דאך קיין זאך אין מויל ניט נעהמען. אט נעהמט זייער פלייש, למשל, איז דאס אמת׳ע פאדלע.

— דערפאר — לאז איך ניט אפ — איז דער קלי־מאט א געזונדער...

— עס הויבט זיך גאר ניט אן — שרייט ער מיר אריין אין געזיכט — אלע חלאת׳ן פון דער תוכחה וועט איהר דארט געפינען. ראשית וועט איהר קראנק ווערען אויף טראכאמא און וועט בלינד ווערען... דערנאך וועט איהר צופארעט ווערען פון היץ און קריגען אן אויסשלאג אויפ׳ן לייב און...

איך לאז איהם ניט ענדיגען : —

— הייסט עס, אז לויט אייער מיינונג איז דאס א שלעכט לאנד.

— שלעכט — קלאפט ער אין טיש — איז קיין

ווארט ניט. עס איז אַן אומגליק פאַר די וואָס וואוינען דאָרטען. עס איז אַ לאַנד פון אַנטיסעמיטען, עם־הארצים, שאַרלאַטאַנעס, פיבערס, אויסשלאַג, שלעכטע פלייש און... נאַר וואָס זאָל איך ווייטער רעכענען. איך בעשווער אייך, געהט ניט אַהין. אַ מעהר לעזט בעסער איבער די בראָ־שור וואָס איך האָב געלאָזט דרוקען אויף מיינע הוצאות ווען איך בין צוריקגעקומען פון פאַלעסטינא. דאָרט איז בעוויזען שוואַרץ אויף וויס אַז דער גאַנצער ישוב איז ניט ווערטה אַן אויסגעבלאָזענע איי און אַז ארץ ישראל בכלל איז אַן אַנשיקענים אויפ׳ן כלל ישראל...

איך האָב מיט אַמאָל דערפיהלט אַ מאָדנע לייכטקייט אויפ׳ן האַרצען. עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט נאָר וואָס פּטור געוואָרען פון אַ שלעכטען צאָהן וואָס האָט מיך ניט אויפ־געהערט צו מאַטערען וואָכען נאָכאַנאַנד.

איצט האָב איך געוואוסט אויף זיכער אַז איך וועל געהן קיין ארץ ישראל.

געענטפערט האָב איך אַט־וואָס:

— מיין ליעבער מר..... איך וויים אַז איהר האָט אַ סך גמרא אין אייער יוגענד געלערענט און האָט ליעב נאָך איצט אויך אַ תלמודיש ווערטעל. די גמרא זאָגט אַז „אוירא דארץ ישראל מחכים”. די לופט פון ארץ ישראל מאַכט איינעם קלוג... וויל איך אַהינצו געהן קלוג ווערען...

ער האָט זיך מיט מיר געזעגענט מיט אַ שווערען האַרצען. ער איז מיר געווען אַן אמת גוטער פריינד און האָט ניט געקענט צוזעהן גלייכגילטיג ווי איך פיהר מיין קינד צום שמד און וויל ניט אַנדערש ווערען בלינד און בלינדערהייד עסען שלעכטע פלייש.

ער איז אַרויס, האָט זיך אַריינגעזעצט אין זיין גרוי-סען גלאַנציגען אויטאָמאָביל און איז אָפּגעפאָהרען.

איך האָב געהערט דעם טאָק־טאָק פון דער מאַשין ווערענדיג שוואַכער און שוואַכער ביז ער איז אינגאַנצען פערשוואונדען, און מיט איהם איז פערשוואונדען דער לעצטער צויט פון אונגעוויסהייט וואָס איז נאָך געהאַנגען אין געדאַנקען.

הייסט עס, אָ פּ נ אַ ר ע ן וועט מיך שוין ארץ ישראל נ י ט . . . איך האָב זיך געשראָקען, איז גע-קומען די גוטע כונה פון אַ פריינד און האָט מיך געהיילט פון מיין שרעק.

אַ דאַנק די מרגלים...

---

קלוג צו ווערען ?... אפשר אויך פון אַ סך קלוגשאַפט לויז צו ווערען...

איך האָב אין יענער צייט געשריבען די פאָלגענדע שורות:

איך האָב געוואָלט פאַנאַנדערשפּינען
די דונקעלע פערלאַנגען,
איך האָב געוואָלט מיין זעל געפינען
און בין צום ליכט געגאַנגען...
די שטראַהלען האָבען מיך געשטאָכען,
דער שימער האָט מיין קראַפט געבראָכען,
האָב איך די טיהרען צוגעריגעלט,
האָב איך די אויגען פעסט פערזיגעלט,
און פון דער פינסטערנים האָט העל
אַרויסגעבליצט אַ שטערען —
איז ד אָ ס געוועזן דער קערן,
דער קערן פון מיין זעל...

ח.

# אויפ׳ן שוועל

די אונבעשלאָסענקייט איז אריבער, און די נשמה האָט ניט געמאַכט קיין שהיות און זיך גלייך אריבערגע־טראָגען אין דעם לאַנד פון רוה און ליכט. שפּעטער האָט געזאָלט נ אָ כ ק ו מ ע ן דער גוף, אין בעגלייטונג פון מיין קליינער פאַמיליע און צוזאַמען מיט אונזער באַגאַזש. אין געדאַנקען האָב איך שוין געזעהן דאָס קליינע ווייסע הויז הינטער׳ן שטעדטל, אין וועלכען מיר וועלען וואוינען, מיט בוימער ארום, און מיט אַ גערטעל בלומען. ווען איך האָב צוגעמאַכט די אויגען, האָב איך געקענט הערען די זשומעריי פון די ביענען ארום די רויטע און געלע בעבער־לעך... ערגעץ אין דער שכונה האָט געבלענדט די אויגען אַ גאָלדענער זאַמד, און הינטער׳ן זאַמד אַ בלאָער, זעהר בלאָער וואַסער... דער זאַמד און דער וואַסער זיינען ניט תמיד געווען אויף דעם זעלביגען אָרט אין דער לאַנדשאַפט. אַמאָל זיינען זיי געווען פון ד ע ר זייט הויז און אַמאָל פון דער אַ נ ד ע ר זייט, אָבער ערגעץ־וואו האָ־בען זיי זיך געמוזט אין דעם בילד געפינען...

---

די שוועריגקייטען פון דער נסיעה אָדער, געגויער

גערעדט, פון דער הקדמה צו אונזער נסיעה, האבען זיך ערשט אנגעהויבען. קודם כל האט זיך אנגעפאנגען א סדרה בריעף. אזוי שנעל ווי עס איז בעקאנט געווארען אז איך פאהר קיין פאלעסטינא, האב איך גענומען קריגען בריעף פון ווילד־פרעמדע מענשען, וואס זיינען זיך מישב מיט מיר, צי זיי זאלען פאהרען קיין ארץ ישראל אדער ניט. און אויב איך עצה אז זיי זאלען יא פאהרען, זאל איך שוין פאר איין גאנג ניט פערגעסען צו שרייבען, אויף וועלכער שיף־ליניע עס איז בעסער צו פאהרען, און ווי לאנג די נסיעה דויערט א. א. וו.

ניט ווילענדיג און ניט וויסענדיג, בין איך געווארען א מין אינפארמאציאנס־ביורא פאר אלע זאכען וואס האבען צו טהאן מיט פאהרען קיין ארץ ישראל, און ממילא, א מחויב צו ווערען דער וועגווייזער און ראטהגעבער פון אלע וואס האבען בדעה, ווי איך, זיך דארטען צו בעזעצען. איטליכער וואס האט געפלאנט אדער געהאפט צו געהן קיין פאלעסטינא, האט מיך בעטראכט פאר א נאהנטען מקורב.

געוועזן א פאל וואו דער שרייבער האט פערלאנגט מעהר ווי א ראטה.

א יונגערמאן פון ערגעץ א שטעדטעל אין ניו דזשערזי — איך געדענק ניט מעהר דעם נאמען — איז מיר מודיע אין א בריעף, אז ער האט שטענדיג געהאט חשק צו געהן קיין ארץ ישראל, און אז עס איז ביי איהם געבליבען דעם־דאזיגען חשק זיינעם צו ברענגען מן הכח אל הפועל. איז בכן, וויל ער זיך בענוצען מיט דער איצטיגער געלעגענהייט

און פאהרען מיט מיר צוזאמען, וועט אי איהם אי מיר זיין היימליכער. ער האט פאר דעם צוועק אנגעגרייט זעכצעהן דאלאר. נאר אזוי ווי די הוצאות הדרך בעטרעפען פיעל מעהר, זאל איך אזוי גוט זיין און איהם צושיקען דעם רעשט, און באם לאו, סטראשעט ער, אז ער וועט זיך דאס לעבען נעהמען.

---

צו דערזעלבינער צייט, האב איך אליין שיער ניט פערמוטשעט צום טויט פיער שיף־געזעלשאפטען און א צוויי־דריי דוצען גלאט אזוי אונשולדיגע מענשען, מיט מיינע אייגענע נאכפראגעס.

איך האב אנגעהויבען קריגען צוגעשיקט אלע טאג פון די שיף־געזעלשאפטען בריעף, בראשורען, מאפען, בילדער, א. א. וו. און דער תמצית פון זיי אלע איז געווען, אז פאהרען אויפ'ן ים, און בעזונדערס אין ווינטער, איז דער גרעסטער תענוג וואס א ילוד אשה קען זיך פערגינען אויף דער וועלט...

אויף מיין טיש זיינען געלעגען אנגעווארפען גאנצע בערג פון דערדאזיגער ליטעראטור. און גאנצענע טעג פלעג איך זיצען שטודירען און פערגלייכען איין ליניע מיט דער צווייטער, איבערלייענען די זיסע הבטחות וואס יעדע קאמפאני מאכט, און איבערקוקען די בילדער פון די לענדער וואו די פערשיעדענע שיפען װעלען זיך אבשטעלען. דער טאג האט קוים געסטאיעט דורכצוקוקען די פעק וואס איך פלעג בעקומען מיט יעדער פאסט, און איך האב בעשלאסען צו מאכען אן ענד צו דער קלייבענים און זוכענים, איידער איך וועל זיך ארויסארבייטען פון די כחות.

איז געבליבען, די ענגלישע שיף „לאקאניא", וואס האט געזאלט אפפאהרען דעם 21טען יאנואר, אין דעם יאהר 1914, פון ניו יארק קיין אלעקסאנדריען, און זיך אפשטעלען אויפ'ן וועג אין מאדערא, גיבראלטאר, אלזשיר, מאנאקא און נעאפעל.

---

אויף דער טאגעס־ארדנונג איז געווען : זעע־קראנקהייט.

מעהר ווי איך אליין האבען זיך מיינע גוטע פריינד, פון מיינעטוועגען, געשראקען פאר דערדאזיגער קראנק־הייט. און דער פועל יוצא איז געווען, אז מע האט פון אלע זייטען גענומען מיך פערזארגען מיט עצות און מיט־לען וואס זיינען בדוק ומנוסה פון איהר צו פערהיטען.

מיין שוועסטערקינד זאגט מיר אז, ווי גאט איז מיר ליעב, אז איך זאל זיך ניט דערוועגען ארויפגעהן אויפ'ן שיף מיט א פולען מאגען. מעהר ווי א גלאז הייסע וואַ־סער זאל איך דעם טאג אין מויל ניט נעהמען. ווען ניט, בין איך פערביי.

להיפך, אונזער שכן זאגט, אז דער בעסטער און איינ־ציגער מיטעל, איז נאר צו שטאפען אין זיך פיעל מען קען, צי מען האט אפעטיט צי ניט.

מיינער א בעקאנטער וואס איז דוקא א מומחה אין די זאכען — ער אליין איז שוין מעהרערע מאל אריבערגע־פאהרען דעם אוקינוס — ערקלערט קאטעגאריש, אז קעגען ים־קראנקהייט איז דא נאר איין הילף — ליעגען אויפ'ן רוקען און ניט ריהרען מיט קיין אבר. ער אליין טהוט

תמיד אזוי און פיהלט זיך אויפ'ן שיף — הלואי אויף מיר געזאגט געווארען.

געפינט זיך אן אנדערער וואס זאגט, אז אויב איך וויל נים שטעלען מיין לעבען אין סכנה, זאל איך זיך האל־טען אין איין בעוועגען אויפ'ן דעק פון שיף. מיין רייכער קרוב רעקאמענדירט טרינקען אזוי פיעל שאמפאניער ווי־פיעל איך קען נאר. און מיין בעקאנטער פון ברוקלין, וואס האט אמאל געהאלטען א קענדי־סטאר, זאגט אז איך זאל האלטען אין איין קייען לעמאן־צוקערקעס.

דער הויפט־געשפרעך אין הויז איז געווארען זעע־קראנקהייט. מע האט פון קיין אנדער זאך נים גערעדט, און איך האב געפיהלט צייטענווייז אזוי ווי די דילען הוי־בען זיך אן וואקלען, און ע ס האט שוין אנגעהויבען מיט אן אמת...

---

דער אלטער פעדלער מיט דער רויטער בארד, וואס איז אן אפטער איינגעהער ביי אונז אין הויז און רופט מיך „ר ב יהואש", האט מיר געגעבען א זילבערנעם צעהן־סענט שטיק איך זאל עס אפגעבען דעם ערשטען ארעמאן וואס איך וועל אנטרעפען אין ירושלים... דאס — זאגט ער — מאכט מיך פאר א שליח מצוה, און א שליח מצוה — זאגען אונזערע חכמים — איז בעשיצט פון אל־דאס־בייז. איך האב דעם צעהן־סענטיגען גוט איינגעוויקעלט אין פאפיער און איהם בעהאלטען אין מיין טייסטער.

ווי עס האט זיך אבער שפעטער ארויסגעוויזען, איז

מיר נים בעשערט געווען אויסצופיהרען די שליחות פון דעם גוטען אלטען פעדלער. אויפ'ן דריטען טאג נאך מיין אנקומען קיין יפו האב איך זיך געכאפט אז מיין טייסטער איז געלם געווארען צוזאמען מיט דעם מזל'דיגען „דאים" וואס האט מיך בשלום אריבערגעבראכט איבער צוויי ימים, און צוזאמען מיט נאך אנדערע ווערטהפולע זאכען.

אזא מזל האבען שוין קמיעות, אז זיך אליין קענען זיי נים בעשיצען...

---

האט אנגעהויבען געהן א סדרה געזעגענען זיך.

וואויל און גוט איז געווען אונזערע עלטערען אין מצרים וואס האבען זיך מיט קיינעם נים בעדארפט און נים געוואלט געזעגענען, פאר'ן אוועקגעהן קיין ארץ ישראל. אין מיטען דער נאכט, נאך מיט ברעקלעך קרבן־פסח צווי־שען די צייהנער, גענומען דעם שטעקען אין דער האנד, געטהאן א קלאפ מיט דער טהיר, און אהן א שום זיי־געזונד אוועקגעשפרייזט און פארטיג... וואלטען זיי גע־דארפט זיך ערשט צעזעגענען מיט פריינד און בעקאנטע, בין איך שטארק מסופק אויב זיי וואלטען ווען עס איז די רייזע אונטערנומען, סיידען זיי וואלטען ווי איך געפאהרען מיט דער „לאקאניא", אויף וועלכער די שיף־געזעלשאפט האט אונז צוגעזאגט אלערליי תענוגים.

דאס געזעגענען זיך האט זיך אייגענטליך אנגעהויבען מיט א חדשים דריי פאר מיין אפפאהר, און האט אנגע־האלטען אהן הפסקות ביז די שיף האט פערלאזען ניו יארק. אין אנהויב איז עס געווען א פערגעניגען.

שפּעטער איז עס געוואָרען אַן אנגענעהמער חוב, נאָך שפּעטער אַ חוב אָהן אַ שום אנגענעהמקיים, און גאַר צום סוף איז עס געוואָרען אַ געפאַהר פאַר דער געזונד־הייט. אַז איך פלעג דערזעהן עמיצען וואָס קומט זיך מיט מיר געזעגענען, פלעגט מיך בענעהמען אַ שלאָפקייט ארום הארצען... דערביי פלעג איך מיט אַ שמייכעל דריקען די האַנד פון דעם געזעגענער, וועמענס כונה איז דאָך נאָך אַלעמען געווען אַ גוטע, פלעג איהם ווינשען אַל־דאָס־גוטס און בעטען ער זאָל למען השם מיר שרייבען אזוי אָפט ווי די כחות וועלען איהם טראָגען...

---

נאָך דעם ווי איך האָב גענומען אָפּשייד פון פריינד און קרובים און אזוי בעקאַנטע און זיך צעוואָונשען מיט זיי אויפ'ן פיינסטען אופן, איז נאָך געבליבען זיך צו גע־זעגענען זיך מיט'ן „פּאָלק". דער פּלאַץ וואו איך האָב זיך געזאָלט טרעפען מיט'ן „פּאָלק" פאַר דעמראָזיינגען וויכ־טיגען ענין איז געווען „קאַרנעגי האָל", און דער טאָג, דעצעמבער 20טער.

דאָס „פּאָלק" האָט שטאַרק הנאה געהאַט, אויב מע האָט געזאָלט אורטיילען לויט דער פּאַטשעריי וואָס האָט בעלוינט יעדען נומער. מעהר פון אַלץ האָבען זיי, ווי מיר דאַכט, געקליבען נחת פון די רעדנער פון וועלכע איי־נער האָט פערזיכערט דעם עולם אַז איך וועל פערבלייבען אין ארץ ישראל ביז דעם לעצטען אָטהעמצוג פון מיין לעבען און אַ צווייטער האָט געגעבען זיין הבטחה אַז איך וועל איבער־אַ־יאָהר אָדער צוויי, אם ירצה השם, קומען צו

ריק אין ניו יארק. מיר אליין, הגם איך בין דאך געווען א נוגע בדבר און בין סך הכל געזעסן א צוויי־דריי טריט פון די רעדנער — האט מען אפילו ניט געהאלטן פאר נויטיג א פרעג צו געבען...

די פראגראם איז געווען א לאנגע. אחוץ רעדנער זיינען געווען זינגער און שפילער מכל המינים. צום סאמע ענד האט מען מיר אויך ערלויבט צו זאגן א פאר ווערטער.

---

די „לאקאניא" האט ערשט געזאלט אפפאהרען אין א מאנאט ארום און איך האב מיט אמאל דערפיהלט אז אין ניו יארק איז מעהר פאר מיר קיין פלאץ ניטא. אלס אן „אפגעזעגענטער", שוין לכל הדעות, אי ביחידות, אי מיט'ן „פאלק" — האב איך לוים אלע געזעצען פון דרך ארץ און יושר געדארפט תיכף אפפאהרען. איך בין גע־ווען אין דער אבנארמאלער לאגע פון איינעם וואס האט אפגעזאגט וידוי און וויל בשום אופן ניט שטארבען.

איך אליין וואלט שוין ווי עס איז מיט מיין געוויסען דורכגעקומען. דער געוויסען איז נאך אלעמען קיין גזלן ניט און אויג אויף אויג קען מען שוין מיט איהם מושוה ווערען. פלעג איך זיך אבער בעגעגענען אלע ווייל מיט מענשען וואס איך האב זיך מיט זיי געזעגענט און איך פלעג פיהלען אז איך דארף זיך פאר איטליכען פון זיי ענטשולדיגען און ערקלערען אז עס איז ניט חלילה מיין שולד נאר די שולד פון דער „קונארד־ליניע" וואס לאזט

די „לאקאניא" ניט אפפאהרען פריהער פון דעם 21טען יאנואר.

איך האב אנגעהויבען אויסמיידען מענשען, און ביי טאג פלעג איך כמעט פון הויז ניט ארויסגעהן.

---

האבען געוויסע מענשען בעשלאסען מיך מבייש צו זיין בפני כל עם ועדה, און האבען מיר געגעבען א באנקעט.

געזאגט האט מען כלומר'שט מע וויל מיר אפגעבען כבוד, אבער די כונה איז געוועז קלאר ווי דער טאג:

זאלען — הייסט עס — אלע זעהן דעם מאן וואס האט זיך אפגעזעגענט און וויל בשום אופן ניט אפפאהרען.

אויפ'ן באנקעט זיינען געוועזן א סך רעדעס, בעזונ־דערס געדענק איך איינע, געהאלטען אין ענגליש פון א העברעאישען משכיל, וואס האט זיך בענוצט מיט דער גע־לעגענהייט צו מאכען אש פון אידיש און דער אידישער ליטעראטור.

דערפאר האב איך געהאט הנאה פון דער רעדע וואס דער געוועזענער גאווערנאר זולצער האט געהאלטען.

ווי אזוי ער איז געקומען אויפ'ן באנקעט, וויים איך עד היום ניט. אפשר האט ער אונטערגעקויפט א קעלנער. מאלע וואס א „פאטריאט" קען טהאן.

ווי די זאך זאל ניט זיין, ער האט דערצעהלט דעם עולם אז איך בין א גרויסער דיכטער און האט מיינע ליעדער געלויבט אין הימעל אריין. ער האט גערעדט מיט אזא ווארעמקייט, אז מע האט געזעהן בחוש, אז ער קען אלץ וואס איך האב געשריבען אויף אויסווענינ.

פיעל פון די נעסט וואס האבען קיינמאל פון מיר א שורה נים געלייענט, האבען בעשלאסען מיך צו נעהמען לייענען אויף דעם עקס־גאווערנאר׳ס מבינות.

---

מיינע פעדער־חברים האט דאס הארץ נים געשטילט. איז צו מיר געקומען א דעלעגאציע מיך איינלאדען אויף א צווייטען אבשייד־באנקעט. איך האב זיך געפרובט אפ־בעטען, אבער אין זייערע אויגען איז געווען די לוסט פון נקמה... האב איך זיך אונטערגעגעבען בתנאי מע זאל מיך נים צופיעל דערמאנען אז מיין פערברעך און זיך „גע־זעגענען", מיט רחמנות . . .

זיי האבען געהאלטעןווארט. מע האט געגעסען און געטרונקען און זיך משמח געווען, און „געזעגענט" זיך כמעט ווי גארנים. איך האב בעוואונדערט זייער פיינעם טאקט און האב אויפ׳ן דעק פון מיין הארצען געשפירט אז א „געזעגענטער" ווי איך האב נים קיין רעכט אזעלכע געהויבענע מענשען צו קוקען גלייך אין די אויגען. אפי־ציעל בין איך שוין איינענטליך געווען ווייט פון ניו יארק.

פאר׳ן אוועקגעהן אבער האבען זיי ארויסגעוויזען זייער איראנישע אבזיכט, און האבען מיר דערלאנגט א שעהנעם אלבום מיט איינשריפטען פון אלע אידישע לי־טעראטען, אלס א געזעגענן־געשאנק . . .

אין דעם אלבום האבען זיי זיך געזעגענט מיט מיר אויף אלערליי נוסחות און אין אלערליי שפראכען. מען האט גענומען אבשייד פון מיר אויף העברעאיש, רו־סיש, פויליש, פראנצויזיש, ענגליש. פון יוצא ווענען, איז

געוועזן אידיש אויך. פראפעסאר זעליקאוויץ האט זיך גע־
זעגענט אויף אראביש, וואס איך האב ערשט אויסגעפונען
דעם בעדייט דערפון, נאך דעם ווי איך האב א רונדען יאהר
זיך געמאטערט אויף דעם דאזיגען שווערען לשון. אנדערע
האבען זיך געזעגענט אין ליעדער, וואס איך האב נאר האלב
פערשטאנען, און א אידישער קאמפאזיטאר האט זיך גע־
זעגענט אין נאטען, וואס איך הויב עד היום ניט אן צו
פערשטעהן.

קומענדיג אהיים — עס איז שוין געוועזן לאנג נאך
האלבע נאכט — האב איך אויף זיך גענומען א נדר צו
שרייבען צו דער קאמפאני, און זיי בעטען תחנונים אפשר
איז מעגליך מיך אבשיקען פריהער. כאטש מיט א קויה־
לענשיף, אבי אבפאהרען...

אויף מארגען מיט דער ערשטער פאסט, קומט מיר
אן א בריעף פון שיקאגא, וואו מע בעט מיך איך זאל זיך
קומען אהין געזעגענען...

האב איך אנגעזאגט אין הויז מע זאל מעהר קיין
בריעף ניט צונעהמען, קיין טעלעפאן ניט ענטפערען און
קיין מוטער־מענשען אין שטוב ניט אריינלאזען...

אוועקגעפאהרען און פארטיג...

# III.

# אויפ׳ן שיף

כ׳האָב פערגעסען אַלע ליעבסטע,
כ׳האָב פערלאָזט מיין אייגען הויז;
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבען:
טראָג מיך, ים, צום מוטער׳ס שויס...
(ביאַליק פון יהודה הלוי).

די קלאָדקע איז אַרויפגעצויגען געוואָרען אויפ׳ן פּערדעק און צווישען דעם גרויסען אייזערנעם לויתן און די דיקע באַלקענס פון דעם פּיער, האָט דאָס וואַסער אָנ־געהויבען קאָכען און שוימלען. די שיף האָט אַרויסגע־לאָזען אַ לאַנגען מורא׳דיגען ברום, פון וועלכען די פּאַ־רענטשעס האָבען אַזש געציטערט. און מיט אַמאָל — אַ רוק... און דער דאָק, מיט די הונדערטער מענשען, וויגענ־דיג זייערע היט און זייערע טאַשענטיכער, האָט גענומען אָפּטרעטען הינטערוויילעכטס...

אין אַ ווינקעל זיינען געשטאַנען אין איין גרופּע מיי־נע פריינד, און ווען די שיף האָט זיך אויסגעדרעהט און זיי האָבען מיך מעהר פון דאָרט ניט געקענט זעהן, האָבען זיי זיך האַסטיג אַ לאָז געטהאָן צו דעם פאָדערשטען ברעג, כדי צו קענען כאַפּען נאָך אַ קוק. איך האָב זיי געזעהן לויפענדיג און האָב געהאַט דאָס געפיהל אַזוי ווי זיי לוי־

פען עס מיך מיט געוואלט ארונטערצורייסען פון דער שיף, און זיי כאפען זיך אז עס איז צו שפעט...

— קיין מאל אין לעבען וועל איך מעהר דידאזיגע מענשען און דעמדאזיגען דאס ניט זעהן... קיינמאל...

דאס הארץ האט גענומען זינקען, זינקען אזוי ווי אין א קאשמאר, און די אויגען זיינען געווארען פערנעבעלט...

---

ערגעץ אין דער שטאדט סעראיעוואָ, אין דעם לאנד באסניען, האט א יונגער הייס־בלוטיגער פאטריאט גע־פלאנט מיין צוריקקעהר — פלאנענדיג דעם טויט פון דעם עסטרייכישען קרוינפרינץ, וואס האט געזאלט ברענגען די גרויסע וועלט־מלחמה, און שפעטער — ברענגען מ י ך אויף דער אמעריקאנישער קריעג־שיף „טענעסי", פון יפו קיין אלעקסאנדריא.

אבער אין דער פינסטער ארבייט די האנד וואס ציהט די שטריק פון לעבען, און ד ע ר ו ו י י ל האב איך געזעהן ווי מיין היים פאר די לעצטע דריי־און־צוואנציג יאהר פערשווינדט ביסלעכווייז הינטער מיר, און פער־שווינדט אויף אייביג...

קיין שפור פון קיין דאס איז מעהר ניט געווען... איך האב געוואלט זיין אליין און בין אריין אין מיין קאיוטע...

איך האב מיט אמאל דערפיהלט ווי שטארק די פע־דים זיינען מיט וועלכע מיין נייע היים האט מיך צו זיך געקניפט...

איך האב ליעב געקריגען איהרע פרעירים און איהרע בערג, איהרע טייכען און איהרע גרויסע רוימען, איהר

ריעזיגען פיאָנער־גייסט, איהר ברייטקייט און איהר פריי־הייט... איך האָב זיך געגרויסט מיט דעם וואָס איך בין איינער פון איהרע בירגער, שטאָלצע פרייע בירגער — איטליכער פון זיי אַ קעניג דורך דער גנאָד פון אייגענער קראַפט און אייגענעם ווילען...

ליעבע מייער־געוואָרענע היים! איך וועל טראַכטען פון דיר און איך וועל שטאָלץ זיין אויף די דריי־און־צוואַנ־ציג יאָהר וואָס איך האָב דיין פרייע ערד געטרעטען, דיינע פרייע לופטען געאָטהעמט... מיט ליעבע וועל איך דיך דערמאָנען, און בענשען וועל איך דיך און בענקען וועל איך נאָך דיר, אָבער זעהן וועלען דיך מעהר ניט מיינע אויגען...

דורך הונדערט דורות פלעכט זיך אַ קייט און ציהט מיך צו אַ ווייטען קליינעם לאַנד... הונדערט דורות רופען דורך מיינע בלוטען און איך מוז געהאָרכען — אָבער קיינמאָל וועל איך דיך ניט פערגעסען...

און אפשר זיינען עס די פרישע ווינטען פון דיינע פרעריים געווען, די וואָס האָבען די טויטע הונדערט דורות אין מיין בלוט געוועקט?...

אפשר זיינען עס די שטאָלצע שפיצען פון דיינע שנעע־בערג געווען, די וואָס האָבען מיך געמוטהיגט דעם רוף צו געהאָרכען?

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך בין אַרויס צוריק אויפ'ן פערדעק, איז ביים האָריזאָנט בלויז געווען אַ גראָהליכער פאַס, דער לעצטער זכר פון דער יבשה, וואָס האָט שנעל געזאָלט פערשוואונ־דען ווערען.

דער דעק איז געווען פול מיט פּאַרלעך און איינציגע וואָס האָבן געשפּאַצירט הין און הער און געלאַכט און געפּלוידערט.

קאַלטע זילבער־פונקען האָבן צוריקגעבליצט פון די זון־בעשפּריצטע וועלען און די שיף האָט זיך געטראָגן ווי א גרויסער שווימענדער פויגעל צו די לענדער פון זונענ־שיין... — — — — — — — — — — — — — — —

א בעדיענטער אין אוניפאָרם האָט זיך אוועקגע־שטעלט ביי איינער פון די טהירען און האָט אויסגע־שפּיעלט אויף א טרומייטער א מין מיליטערישען און צו דערזעלביגער צייט זעהר מרה־שחורה'דיגען אויפרוף — צו געהן עסען.

מיר זיינען אריין אין עס־סאַלאָן. דער קעלנער האָט אויף אונזער טיש אוועקגעשטעלט די בלומען וואָס פריינד האָבען געבראַכט אדער צוגעשיקט אין אונזער קאַיוטע. אויף אַלע טישען שטעהען עהנליכע בוקעטען. און יעדער בוקעט רעדט פון א טרייען פריינד, פון א מאַמען, א שוועס־טער אדער א געליעבטער... בלומען זיינען ניט מאריך ימים און איטליכער קאָפּט אריין זיך מיט זייער ריח אנ־צושמעקען אזוי לאַנג ווי ער דויערט.

---

שוין צוויי טעג ווי מיר זיינען אויפ'ן ים. די בוקעטען פערשווינדען איינציגווייז פון די טישען. אסך טישען זיינען נאר האַלב־בעזעצט. די מרה־שחורה פון דעם טרו־מייטער וואָס רופט צום עסען ווערט אומעטיגער וואָס אמאָל. מיר לעבען איצט אויף דעם חסד פון ים.

דער סטיואַרד האָט מיר געבראַכט אַן אַנגענעהמען סורפּריז — אַ מאַרקאָניגראַם פון ניו יאָרק, און שפּעטער, נאָך איינע פון קאַנאַדאַ. בלויז אַ פּאָאַר ווערטער, אָבער איצט אין מיטען ים, זיינען זיי געווען ווי אַ גרוס פון יענער וועלט...

אַ ליעבע האַנד האָט זיך אויסגעשטרעקט פון פּאַר טויזענטער מיילען ווייט, און האָט מיינע געדריקט.

איך האָב געדאַנקט דידאָזיגע האַנד, און האָב ניט פערגעסען אויך מאַרקאָני׳ן זיין חלק דאַנק אָפּצוגעבען...

ווי שעהנער און ווי רייכער דאָס לעבען ווערט פון טאָג צו טאָג!

קומען ווידער אויף די ליפּען די ווערטער וואָס איך האַלט איצט אין איין ווידערהאָלען: —

מיר פאָהרען אין לאַנד פון זונענשיין...

---

היינט איז דאָס וועטער אונרוהיג און אַ טאָג פּאַר מרה־שחורה.

איך קוק ווייט ווייט אַוועק און זעה ווי די וועלען הויבען און ציהען זיך און אַלערליי זאַכען דאַכטען זיך מיר אויס.

אַט זעה איך די חורבות פון אַ גרויסער — גרויסער שטאָדט וואָס איז פערטראָגען געוואָרען פון אַ פערפליי־צונג. איך זעה די צובראָכענע הייזער, דעכער און האַלבע ווענד, ווי זיי טראָגען זיך און טראָגען זיך אָהן אויפהער... אַט געהט אַ גאַנצע איינגעפאַלענע גאַס און הינטער איהר נאָך איינע און נאָך איינע...

א ווייסער פלעק... ווערט דערפון א לאקאמאטיוו און דער רויך קרייזעלט זיך הינטער די וואגאנעס...

א הויכע וועל : איז דאס ניט דער „וואלוואַרטה" טהורעם פון ניו יארק ?...

און כהרף עין אלצדינג ווידער פערשוואונדען.

דער ים, דאס איז דער „עלמא דקשוט" — די אמת'ע וועלט. די יבשה איז אן אפנארעריי. אלצדינג וואס איז פעסט און שטעהט אויפ'ן ארט און האט א בעשטימטע געשטאלט איז אן אפנארעריי. די וועלט און דאס לעבען איז א פליסונג און אן ענדערונג נאכאנאנד. און דער ים איז דער סימבאל פון דערדאזיגער פליסונג און ענדערונג.

---

די לעצטע פויגלען זיינען פערשוואונדען.

אבער פון דער יבשה זיינען מיר דאך ניט אין גאנ־צען אפגעשניטען. יעדען פריהמארגען געהט ארויס אויף דער שיף א צייטונג, און עלעקטרישע לופט־שלוחים קלייבען פאר אונז נייעסען פון אלע טהיילען פון דער וועלט, פון ים און פון יבשה.

---

אויסער מיין פאמיליע און ב. און זיין פרוי קען איך זיך מיט קיינעם ניט. אפנים אז אזוי וועט עס שוין בליי־בען ביז צום ענד פון דער רייזע. די פאסאזשירען זיינען צום גרעסטען טהייל אויפגעקומענע מיליאנערען, אדער כמעט־מיליאנערען, וואס פאהרען אין איטאליען אדער עגיפטען פון וואוילטאג וועגען. דער אויפפיהר איז לחלוטין ניט דעמאקראטיש און ניטא קיין קאמישערע און פער־

עבטערליכערע זאך ווי אז אויפגעקומענער אמעריקאנער וואס נעהמט ווערען — ווי היינע זאגט — א ר י ס ט א - ק ר ע צ י נ.

איך קלער, אז אפשר קומט דער סנאביזם דערפון וואס מיר פאהרען אויף אן ע נ ג ל י ש ע ר שיף. מיר דאכט זיך אלץ, אז אן אמעריקאנער איז צופיעל הומא־ריסט צו קענען זיין א סנאב און זיך דערביי אליין ניט פאנאנדערלאכען.

---

א סך פאסאזשירען זיינען שטארק פערטיעפט אין זייערע „בעדעקערס", און חזר'ען איבער צום צעהנטען מאל אז „פילעטא אל בורא" מיינט ביפשטעק, און אזא אונשולדיגע זאך ווי א קאטלעט פון קאלב־פלייש, רופט מען „בראטשיאלא דע וויטעלא".

---

דער קאפע איז שעהן און בעקוועם איינגעריכטעט. זיצען דארט די אינגערע און די עלטערע ספארטס און מע טרינקט און מע רויכערט און מע שפיעלט אין פערשיע־דענע שפיעלען. אלע אין דער פריה איידער עס קומט ארויס דער בעריכט פון דער שיף, וועט מען זיך אין געלד וויפיעל מיילען די שיף האט אן ערך דורכגעמאכט די לעצטע פיער־און־צוואנציג שטונדען. מען זוכט צו הרג'ען צייט אויף אלערליי אופנים.

---

פאראן מעהרערע פאסאזשירען וואס איך דערקען אז

זיי זיינען מזרע אברהם. אבער זיי ווילען עס בשום אופן נים ארויסווייזען, הגם זיי ווייסען גאנץ גוט אז מיר זיינען אידען. אויב נים מיין נאז, האט זיי שוין אונזער אידיש — מיט ב. רייד איך נאר אידיש — געזאלט אויסזאגען דעם סוד. צייטענווייז ווען מיר ווילען עפעס זאגען איי־נער דעם אנדערן אז קיינער זאל נים פערשטעהן,ריידען מיר העברעאיש.

אונזער העברעאיש האט אונז איינגעבראכט די בע־קאנטשאפט פון איינעם וואס האט אזוי ווייניג צו טהאן מיט די איבעריגע פאסאזשירען ווי מיר. דאס איז א פראטעסטאנטישער מיסיאנער, א הויכער, א דארער, מיט שווארצע באקענבערד און מיט גרויסע, בלאע ברילען. ער האט געכאפט פון אונזערען א געשפרעך א ווארט אדער צוויי און האט געקראגען שטארקע התפעלות. איהם איז קענטיג נאך גוט געלעגען אין זכרון, ווי ער האט זיך בע־גאסען מיט שוויים ביים עקזאמען אין סעמינאריום אויף די צוויי פסוקים פון תהלים וואס מע האט איהם אויפגע־געבען, און ער האט זיך נים געקענט אפוואונדערען פון דער לייכטקיים מיט וועלכער איך האב גערעדט אזא שווע־רען לשון.

ווען איך בין אנגעקומען נאכהער אין „תל אביב", האב איך אויסגעפונען, צו מיין גרויסען שברות־הלב, אז נים אלע זיינען אזעלכע עהרליכע קריטיקער ווי דער דאזי־גער גלח. געווען אזעלכע וואס נים נאר זיי האבען נים געכאפט קיין התפעלות פון מיין ריידען, נאר געהאט די חוצפה צו זאגען אז איך רעד שלעכט.

דער מיסיאנער האט אונז דערצעהלט אז ער פאהרט

ביז אלעקסאנדריא און פון דארט ערגעץ אין אפריקא — צו פרעדיגען גאט׳ס ווארט פאר קרויז־קעפּיגע נעגראס.

ער האט געקוקט אויף די פערגעניגען־זוכערס מיט גרויס אונצופריעדענהייט. איך האב געקענט זעהן ווי ער שטעכט זיי דורך מיט זיינע בעברילטע אויגען, און איטליך מאל וואס איך פלעג איהם זעהן אין קאפּע אדער אין איינעם פון די אנדערע סאלאנען — און געלאזט זעהן האט ער זיך דוקא אומעטום — האט זיך מיר געדאכט אז אט וועט ער ארויפשפּרינגען אויף א שטוהל און נעהמען שיטען פעך און שוועבעל אויף די רשעים און די בעלי תאוות.

## IV.

# אין מיטען ים

איך בין ארונטער אין דער צווייטער קאיוטע זעהן צי איך וועל דארט ניט געפינען א א י ד י ש ע ן אי־דען, און א קשיה אויף א מעשה, אפשר טאקי איינעם, וואס פאהרט, ווי איך, קיין ארץ ישראל.

האב איך דארט געטראפען בלויז א הייפעל פאסא־זשירען — א פאאר איטאליענישע און סיריצנישע פא־מיליען. קיין אידיש פנים האב איך צווישען זיי ניט בעמערקט.

ערשט מיט צוויי יאהר שפעטער, ווען איך בין גע־ווען אין מאנטרעאל, איז מיך געקומען זעהן א יונגער מאן, א געבירטיגער פון ירושלים און איצט א תושב אין קאנאדא, און האט מיך געפרעגט, אויב איך האב אויף דער „לאקאניא" זיך ניט בעגעגענט מיט אן אלטען אי־דען, וואס איז געפאהרען אין דער צווייטער קלאס. ער האט זיך שטארק פערוואונדערט, ווען איך האב איהם געזאגט, אז „ניין", און ער האט מיר דערצעהלט, אז דארט איז יא געפאהרען אן אלטער איד, און דער אלטער איד דאס איז געווען זיין פאטער.

מיט יאהרען צוריק איז דער אלטער געקומען בעד־זוכען זיינע קינדער אין קאנאדא. זיין כונה איז געווען צו בלייבען בלויז א קורצע צייט אין חוץ לארץ, און דאן זיך אומקעהרען צוריק אין דעם לאנד פון די אבות, וואוהין זיין הארץ האט נאכאנאנד געצויגען.

אבער די נסיעה איז תמיד אפגעלעגט געווארען פון מאנאט צו מאנאט און פון יאהר צו יאהר, און דערווייל איז דער ירושלים'ער איד געווארען קראנק און די קינ־דער האבען איהם בשום אופן נים געוואלט לאזען פאה־רען קראנקערהייד.

מיט א יאהר צוויי צוריק, ארום די זעלבינע צייט ווען איך האב בעשלאסען צו פערלאזען אמעריקא, האט דער אלטער דערשפירט, אז די כחות גנהען איהם אויס און ער שטארבט. האט ער בגזרת כבוד אב פערלאנגט פון זיינע קינדער, זיי זאלען איהם אפשיקען קיין ארץ ישראל. זאלען זיי איהם נאר אויפ'ן שיף ארויפזעצען. ער וועט זיך שוין אהין דערשלאגען.

דער דאקטאר האט געזאגט, אז ער קען שטארבען איטליכע רגע. האבען זיך די קינדער געבעטען מיט טרעהרען ביי זייער טאטען, ער זאל בלייבען אין מאנט־רעאל און נים מקצר זיין זיינע טעג. אבער דער גוסס האט זיך בשום אופן נים געלאזט איבעררייידען.

ער האט געהאלטען אין איין טענה'ן:

— אין דעם זכות פון וואס איך האב אמאל גע־לעבט אין ירושלים, וועט מיך נאך ברוך הוא ברענגען אין ארץ ישראל, כאטש איין מינוט פאר מיין טויט.

וועל איך נים מוזען בעגראבען ווערען אין טמא'דיגער ערד.

האבען די זיהן איהם געבראכט אויף דער „לאקאניא".

די תפלה פון דעם אלטען איז נים מקוים געווארען. ער איז נ י ט דערפאהרען. איידער די שיף איז אנגעקומען קיין גיבראלטאר, האט דער ארעמער איד אויסגעהויכט זיין נשמה, נים געוועזן צומאל ווער עס זאל מים איהם ווידוי זאגען.

די שיף־קאמפאניע האט דעם בר־מנן איבערגעגעבען צו דער קליינער אידישער קהלה פון גיבראלטאר און דארט איז ער געקומען צו קבר ישראל...

---

און די גאנצע צייט, וואס איך האב זיך צוגעהערט צו דער טרויריגער געשיכטע פון דעם ירושלים'ער אידען, האט זיך מיר אין געדאנקען געשפונען די וואונדערליכע מעשה, וואס איך האב געלייענט אין א הייליגען ספר, געדרוקט אין ירושלים. די מעשה דערצעהלט, אז:

אמאל האט געלעבט אין חוץ לארץ א גרויסער עושר, וואס איז געוועזן מורא'דיג קארג און שלעכט. ער איז געוועזן זעהר פרום צו גאט, אבער צו לייטען איז ער געוועזן א רשע מרושע. ער האט נאר געוואוסט פון איין זאך: קלייבען וואס מעהר געלד. פאר דאס געלד פלעגט ער איינקויפען אבנים טובות ומרגליות און ער פלעגט זיי טראגען איינגענעהט אין א לעדערנעם ביי־טעל ארום זיין לייב.

זיין ווייב און זיינע קינדער זיינען צוליעב זיין
קארגשאפט איינציגווייז פון דער וועלט געגאנגען. זיי
זיינען פשוט פון הונגער אויסגעגאנגען, ווארום ער האט
זיי קיינמאל ניט געגעבען גענוג ברויט צו זאט. ווער
שמועסט שוין פרעמדע מענשען, האט ער אין זיין לע־
בען א לעפעל וואסער ניט געגעבען.

אויף דער עלטער, אז ער איז געבליבען אליין, האט
ער בעשלאסען צו געהן אין ארץ ישראל. איז ער אוועק
און האט זיך בעזעצט אין ירושלים. ער איז געווארען
נאך פרימער ווי פריהער, פלעגט דאווענען און לערנען
גאנצענע טעג און אלע פרייטאג פלעגט ער פערגיסען
טייכען טרעהרען אויפ'ן כותל מערבי. אבער צו מענ־
שען איז ער געבליבען דערזעלביגער אכזר ווי געוועזן. זיין
גרעסטע הנאה איז געווען אנצוטאפען דאס לעדערנע
בייטעל אנגעפילט מיט אבנים טובות, וואס ער האט
געטראגען נאהענט צום הארצען. ער האט געמעגט זעהן
ווי מענשען שטארבען פאר זיינע אויגען, האט ער קיינ־
מאל ניט געשאנקען א פרוטה. ער האט פיינט געהאט
בטבע מענשען און וואס א טאג האט זיך זיין שנאה פער־
גרעסערט, ער האט קיינעם דאס לעבען ניט פערגונען.

ווען ער האט דערשפירט, אז ער שטארבט, האט
ער מיט די לעצטע כחות אפגעקאכט א זופ. אין דער
זופ האט ער אריינגעווארפען אלע טייערע שטיינער און
פערל, וואס ער האט געטראגען אין זיין בייטעל. דער־
נאך האט ער לעפעלווייז גענומען זופען דאס געקעכטס
צוזאמען מיט די עדעלשטיינער, כדי קיין מענש זאל פון

איהם נאך זיין טויט, אזוי ווי ביי זיין לעבען, קיין הנאה ניט האבען.

אזוי גיך ווי ער האט ארונטערגעשלונגען דעם לעצטען דימענט, האט ער גענומען גוסס'ען און אין א פאאר מינוט ארום איז ער געשטארבען.

זיינען געקומען די שכנים און האבען איהם גע־טהאן זיין רעכט, און האבען איהם מקבר געווען אויף דעם אידישען בית עולם, וואס געפינט זיך אויפ'ן הר הזיתים, וואו עס ליגען די צדיקים וקדושים פון צעהנד־ליגער דורות.

אין דעמזעלביגען טאג איז אין א קליין־שטעדטעל, ווייט־ווייט אין חוץ לארץ, געשטארבען אן אלטער רב, א גאון עולם, און א צדיק וטהור, וואס האט ניט אויס־געלאזען קיין מצוה אוואו ער האט זי ניט מקים געווען מיט אלע מינדעסטע פרטים. האט ער זיך כל ימיו מצטער געווען פאר וואס ער קען ניט געהן קיין ארץ ישראל. ער איז אבער געווען צו ארעם זיין בעגעהר צו ערפילען. און אז ער איז נפטר געווארען איז זיין לעצט ווארט געווען: „ירושלים”.

נאך דער קבורה פון דעם צדיק איז געווארען א רעש ביי פמליא של מעלה: איז דאס די גערעכטיגקייט פון כביכול, אז אזא צדיק זאל דארפען ליעגען אין חוץ לארץ צוליעב זיין ארעמקייט, און אזא רשע זאל ליעגען אויפ'ן הר־הזיתים ?...

איז ארונטערגעשיקט געווארען א שליח מיוחד פון הימעל, און נאך אין דערזעלביגער נאכט איז דער אל־

טער רב אריבערגעטראָגען געוואָרען אויף'ן הייליגען באָרג און דער קאָרגער האָט פערנומען זיין קבר אין חוץ לאָרץ.

— — — — — — — — — — — — — — — —

זונטאָג אין דער פריה איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ גאָטעס־דיענסט אין דעם גרויסען סאַלאָן. פון איין זייט זיינען געזעסען די פּאַסאַזשירען און פון דער אַנ־דערער זייט זיינען געווען אויסגעזעצט אין רייהען די מאַטראַזען מיט געבעט־ביכער אין די הענד.

אַנגעפיהרט די גאָטעס־דיענסט האָבען צוויי — דער קאַפּיטאַן, אַ הויכער ברייט־ביינינגער מאַן פון אַ יאָהר פופציג, וואָס ווייזט זיך געוועהנליך זעהר ווייניג אויפ'ן שיף און וואָס ווערט פערגעטערט פון אַלע בעאַמטע און אַנגעשטעלטע, און איינער פון זיינע געהילפען.

דער קאַפּיטאַן האָט נאָכאַנאַנד געהאַלטען אַן אויג אויף די יונגע מאַטראַזען צו זעהן אויב זיי דאַווענען... האָט ער בעמערקט, אַז עמיצער פון זיי פעלשעוועט, פלעגט ער געבען אויף דעם בעל־דבר אַ קרומען בליק, אַקוראַט ווי דער קיידאַנער מלמד פלעגט געבען אַ קוק אויף מיר קליינערהייד, ווען איך פלעג אויסגעהן צו גיך שמונה עשרה... עס זאָל נאָך פעהלען אַ האָר.

אונזער סטיוואַרדעס, אַ ריהרעווודיגע עפּעלבאַקיגע ענגלישע מיידעל, בעמערקט מיר דערנאָך, אַז די מאַט־ראַזען וואָלטען פיעל מעהר געווען צופריעדען, ווען שטאָט די סדורים וואָלט מען איטליכען פון זיי נעגעבען צו פלעשעל „סקאָטש וויסקי".

קענטיג, אַז די „קונאַרד קאָמפּאַני" האָלט גאָטעס־

דיענסט אום זונטאג פאר איינע פון יענע בעקוועמליכקיי־
טען, וואס זי דארף צושטעלען איהרע קונדען, גראד אזוי
ווי עלעקטרישע בעלייכטונג, הייסע און קאלטע וואסער
א. ז. וו.

אויף די געבעט־ביכער איז אויפגעדרוקט מיט גרוי־
סע אותיות דער נאמען פון דער „קונארד שיף געזעל־
שאפט", אזוי ווי אויף אלע אנדערע חפצים, וואס געפי־
נען זיך אויפ'ן שיף. דאס איז בלויז פון געוואוינהייט
וועגען. צו פערהיטען פון גנבה איז לחלוטין נים נויטיג.
יעדענפאלס איז זיכער, אז די מאטראזען וועלען זייערע
געבעט־ביכער נים צו'גנב'ען.

א טריט פון דעם סאלאן, וואו מע האט הייליגע
הימנען געזונגען. זיינען אלטע בעל־עבירה'ניקעס געזעסען
אין רויכזאאל איבער סאדא־און־בראנדי און האבען זיך
דערצעהלט זעהר נים קיין פרומע מעשות...

און אונטען האט עמיצער גע'גוסס'ט...
א וועלט בזעיר אנפין...

---

פאראן אויפ'ן שיף א צימער פאר גימנאסטיק און
פאר אלערליי ספארטס.

איז איינער פון דער היים געוואוינט צו פאהרען
רייטען יעדען טאג. האט שוין די געזעלשאפט געזארגט,
אז ער זאל, צוליעב דער דאזיגער געוואוינהייט זיינער,
זיך נים פערבענקען נאך דער יבשה. מען זעצט איהם
ארויף אויף אזא מין געשטעל, א זארט בלומרשט־פערד,
מען גיט א דריק אן עלעקטריש קנעפעל, און ער רייט

אויף וואס די וועלט שטעהט. דערביי הויבט ער זיך אפילו ניט אן צו ריהרען פון ארט.

פאר די וואס זיינען צוגעוואוינט צו פאהרען אויף א וועלאסיפעד, אדער זיך צו שיפען אויף א לאדקע, איז געזארגט געווארען אויף אן עהנליכען אופן.

ב... האט בטבע מורא פאר פערד און האט אויף זיין לעבען ניט פערזוכט דעם טעם פון זיצען אויף א זאטעל. זיין הארץ אבער האט, קענטיג, א גאנץ לעבען געלעכצט נאך דעמדאזיגען תענוג.

אזוי שנעל ווי ער האט דערזעהן דעם כלומרשט־פערד, האבען זיך זיינע אויגען אנגעצונדען. צום ערשטען מאל אין זיין לעבען האט ער געקריגען די מעגליכקייט צופריעדען צושטעלען זיין פערבארגענעם וואונש.

ער איז געווארען א ליידענשאפטליכער „רייטער”, און לויט דעם אימפעט, מיט וועלכען ער פלעגט זיך ארויפזעצען אויף דער במקום־שקאפע, האט דער בעדיענער פון דעם צימער געדרונגען, אז ער האט דא צוטהאן מיט אן אמת'ען „קאו־באי”...

שפעטער איז ער שוין געווארען אזא ספארט, אז רייטען אליין האט איהם שוין מעהר ניט צופרידען געשטעלט. איז ער געווארען א פייערדיגער וועלאסיפעדיסט. אזוי ווי דער וועלאסיפעד האט זיך נאך אלעמען ניט געריהרט פון ארט, איז געוועזן שווער צו זאגען ווי שנעל ב... פאהרט. אבער איך בין משער, אז וועניגער ווי זעכציג מיילען א שטונדע איז ער קיינמאל ניט געפאהרען.

---

נעכטען אבענד איז אין דעם גרויסען סאלאן גע־
וועז א קאנצערט און אונטערהאלטונג.

מ׳האט געזונגען, פארגעלעזען און דערצעהלט הר־
מאריסטישע אנעקדאטען און וויצען, וואס זיינען געווען
א קנאפער כבוד פאר די אינטעליגענץ און געשמאק פון
די פאסאזשירען. אויף א ליאדע ארעמער אונטערהאל־
טונג אויף דער איסט סייד אין ניו־יארק האט מען גע־
קענט הערען פיעל בעסערע דעקלאמאציאנען און פיעל
קליגערע חכמות.

נאכ׳ן קאנצערט האט מען פון די געסט געקליבען
נדבות פאר די יתומים און אלמנות פון מאטראזען, וואס
זיינען דערטרונקען געווארען אויפ׳ן ים.

איינער פון די פאסאזשירען, א בכבוד׳דער עלטע־
רער מאן, קענטיג א סקאטשמען, האט דערמאנט די
פערזאמעלטע אז דער געפאהר, אין וועלכער מע איז תמיד
ווען מע פאהרט אויפ׳ן ים, און אז אפילו דאס שטארקסטע
שיף איז קיינמאל נימ אבסאלוט זיכער קענען די אומ־
גליקען פון ים. דער איינציגער אמת׳ער בעשיצער איז
גאט דער דערבארעמדיגער, אין וועמעם הענד מיר אלע
זיינען, און פון וועמענס מאכט מיר קענען אין ערגיץ
נימ אנטרינען. דערום דארפען מיר תמיד אין זינען
האלטען די ארעמע יתומים און אלמנות פון די יעניגע,
וואס זיינען, ווי מיר, געפאהרען אויפ׳ן ים און האבען
אין איהם זייער קבר געפונען...

עס איז געווען א פינסטערע און שטורעמדיגע נאכט
און ארום די רונדע פענסטערלעך פון דעם סאלאן זיינען

טויזענדער דערטרונקענע געשטאנען קעפ אויף קעפ און האבען געצעהלט די נדבות און געקלאגט...

איך בין ארויס אויף׳ן דעק. די אייזערנע קאנאטען האבען געקרעכצט און געקנאקט און די שיף האט זיך מורא׳דיג געווארפען און געצאפעלט. זי איז געווען אזוי הילפלאז.

האט זיך געדאכט ווי זי זאגט־איבער דעם רעדנער׳ס ווערטער:

— גאט דערבארעמדיגער, איך בין אין דיינע הענד...

---

היינט איז געווען פראבע אויף די רעטונגשיפלעך.

זיינען געקומען פון אלע טיילען פון שיף סטאליא־רעס, שמידען, קויהלענשיטערס, קוכארעס, איטליכער אין זיינע מלבושים, עקודים נקודים וברודים, און האבען זיך אויסגעשטעלט אין א רייה.

אויף א סיגנאל האט מען די רעטונג־שיפלעך אראפ־געלאזען ביז זיי זיינען געווען גלייך מיט׳ן פערדעק. דער־נאך האט מען כלומרשט בודק געווען די שיפלעך — מעהר ווי כלומרשט איז עס ניט געווען. איינס פון זיי וואלט איך אויפ׳ן ערשטען קוק גע׳פסל׳ט.

לסוף, אויף א געגעבענעם צייכען, האבען די וואס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין דער רייה, זיך צוזעצט אין די שיפלעך אויף די אנגעוויזענע ערטער. אן ערב־רב, וואס האט לחלוטין ניט אויסגעזעהן ווי מאטראזען.

ווי איך האב שפעטער אויסגעפונען, איז די מעשה אזוי: לויט׳ן געזעץ מוז די קאמפאניע האבען אזוי פיעל

און אזוי פיעל מאנשאפט אויף יעדען שיפעל, און אזוי ווי די נענויע ערפילונג פון דעם געזעץ וואלט נעמיינט א סך מעהר מאטראזען ווי די קאמפאניע בעשעפטיגט גע־וועהנליך, איז מען יוצא מיט דעם וואס מען רעכענט צו צום מנין די בעקערס און די קויהלענשיטערס און די היי־צערס. און אלץ וואס שטעהט און געהט אויפ׳ן שיף...

אבי אבגע׳פטר׳ט דאס געזעץ...

---

אויסער ארום פיער הונדערט פאסאזשירען פון דער ערשטער קלאס, וואס זיינען, פערשטעהט זיך, „דאס אויבערשטע פון שטייסעל", און אויסער די פאר פאמיליעס וואס פאהרען אין דער צווייטער קאיוטע, געפינען זיך אין צווישענדעק עטליכע הונדערט איטאליענער. זיי פאהרען אהיים, און מיט יעדען טאג וואקסט זייער אויפגעראמט־קייט.

אחוץ זיי געפינט זיך אן איינציגער אראבער, א סיריאנער. ער פאהרט אויך אהיים, און האט שוין בע־צייטענס אנגעטהאן זיין רויטען פעץ מיט א שווארצען ארונטערגעהענדען טראלדעל.

מיט די איטאליענער האלט ער זיך פון דער וויים. אין אמעריקא האט מען זיך געמוזט חבר׳ן מיט אלע־מען. איצט איז נים מעהר נויטיג...

ווען מען קלינגט צום עסען ווערט א לוסטיגער גע־לאף פון אלע זייטען. איך וואונדער זיך פאר וואס ביי אונז אויבען איז נישא אזא מין אפעטיט צום עסען. און

איך האב אויסגע׳שכל׳ט, אז דאס איז צוליעב דעם טרו־
מיים וואס ווארפט אז א מרה שחורה...

מען וואלט געדארפט ביי אונז אויך קלינגען, וואלט
עס געווען מעהר יבשה׳דיג.

---

מיר דערנעהנטערען זיך צו אונזער ערשטער סטאנציע

נאך א טאג און מיר וועלען זיין אין דער שעהנער
מאדערא. שוין בעווייזען זיך די ערשטע אנזאגערס פון
לאנד. ווייסע, גראציעזע פויגלען קרייזען זיך איבער די
וועלען.

צוגלייך מיט די הייסע קאווע, ווערט די פאסאזשי־
רען סערווירט קאלטע לעמאנאד — אן אמת׳ער סימן פון
זומער.

אין הארצען ווערט געראמער, זומערדיגער... עס
שפראצען גרויסע האפנונגען...

## V.

# „דער וואַלד־אינזעל״

נים געקאַרגם און נים געדונגען —
זון־בעפּלייצם אַרויסגעשפּרונגען
איז דער פריהלינג אונז אַנטקעגען,
לאַכענדיג אויף אַלע וועגען,
זינגענדיג מים מויזענד צונגען...

---

אין מיטען נאַכט האָב איך זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט.

אַכט טאָג נאַכאַנאַנד האָט זיך די שיף געהאַלטען אין איין וואַרפען ווי אַ חולה נופלים. דער סדר פלעגט אַזוי זיין: צוערשט אַהין און צוריק, דערנאָך פון איין זייט אויף דער צווייטער, און ליתר בטחון, גלאַט אַ משוגע׳נעם טרייסעל פון וועלכען די אינגעווייד פלעגען אַזש וועה טהאָן.

אַכט מעת לעת האָבען די דאָזיגע נענועים אָנגעהאַל־טען, סאַי ביי טאָג סאַי ביי נאַכט, האָב איך זיך צו זיי אַזוי צוגעוועהנט, אַז ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך זיך תיכף אויפגעכאַפּט.

— מאַדערנע !

---

איך האָב אויפגעדרעהט די עלעקטרישע ליכט אין דער קאַיוטע, האָב זיך האַסטיג אָנגעטהאָן און בין ארויס אויפ'ן דעק.

עס איז נאָך געווען גוט פינסטער. דער ים האָט זיך נאָך געקאָרטשעט אין זיין נאַכט־כאַלאַט און האָט געסאַ־פּעט פון שלאָף. דער הימעל איז געווען אָנגעשאָטען מיט שטערען גרויסע און קליינע, און צווישען זיי האָבען זיך געצויגען ברייטע מילך־שטרייפען.

סאַמע אונז אַנטקעגען, אַן ערך אַ מייל פון דער שיף, האָט זיך געשאָטענט דער סילועט פון אַ באַרג־אינזעל דורכגעקעסטעלט פון רייהען און רייהען בלישטשענדיגע פינטעלעך.

דאָס איז געווען פונטשאַל, די הויפּט־שטאָדט פון דעם פּאָרטוגעזישען אינזעל מאַדעראַ. די פינטעלעך — די עלעקטרישע גאַס־לאָמפּען.

ארום דער שיף איז געווען אַ ווילדע שרייערייַ און קרעכצערייַ. דאָס האָבען די ווייסע מעווען זיך געפּעדערט מקבל פּנים זיין די אורח'טע און דרך אגב אָפּנעהמען זייער רחש — די שפּייז וואָס ווערט געוועהנליך ארויסגעוואָרפען פון דער קיך.

דרעהענדיג זיך ארום שיף אין דער פינסטער, האָבען זיי אויסגעזעהן ווי גרויסע שטיקער שנעע געטריבען אין אַ שטורעם...

---

ביסלעכווייז איז די פינסטערניס געוואָרען שיטערער, אַ גראָער פּאַס האָט זיך ערגעץ וואו בעוויזען און האָט זיך

געשפרייט און געצווינגען אין אלע זייטען. די שטערען האָ־
בען זיך אָנגעהויבען אויסלעשען. צוערשט מיושב'דיג,
לאַנגזאַם, מיט דרך ארץ, דערנאָך אַלץ שנעלער און שטי־
פערישער אַזוי ווי אויף געוועט ווער פון זיי עס וועט מאַ־
כען דעם קונץ גיכער.

אונטען אויפ'ן באַרג האָבען די גאָלדענע פינטלעך גע־
נומען נאָכטהאָן די שטערען און האָבען זיך האַסטיג גע־
מעקט, רייה נאָך רייה, און באַלד איז מעהר פון זיי קיין
זכר ניט געווען....

איך האָב זיך איינגעטוליעט אין מיין אויבערמאַנטעל
און בין געשטאַנען אָנגעשפאַרט אויף דעם געלענדער אין
דער שאַרפער בעגינען־לופט, און האָב צוגעקוקט די געבורט
פון דעם מאַדעראַ'ער טאָג...

אויפ'ן זינען איז געקומען די לעגענדע פון דער ענט־
דעקונג פון מאַדעראַ, וואָס מיינט אויף פּאָרטוגעזיש „דער
וואַלדיגער פּלאַץ", ווייל אַמאָל איז דער גאַנצער אינזעל
געווען געדיכט בעדעקט מיט וואַלד.

דער ראָמאַנטישער אינזעל האָט געפאָדערט אַ ראָמאַנ־
טישע התחלה. האָט די לעגענדע אויסגעשפונען די פאָל־
גענדע געשיכטע:

מיט אַן ערך פינף הונדערט יאָהר צוריק זיינען צוויי
געליעבטע אַנטלאָפען אין אַ שיפעל פון ענגלאַנד קיין
פראַנקרייך. אין דער צייט אָבער וואָס זיי האָבען זיך גע־
האַלטען אין איין האַלזען און קושען און חלומ'ען פון דער
גאָלדענער צוקונפט וואָס זיי שטעהט פאָר, האָט זיך צע־
יושעט אַ ווילדער שטורעם און האָט דאָס אָרעמע שיפעל

פערטראָגען ניט קיין פראַנקרייך נאָר אַזש צו די ברעגעס פון מאַדעראַ.

זייער קוש־וואַך איז נעבעך געווען פערשטערט און אַזוי ווי גרויסע שלימזל'ניקעס זיינען זיי געווען, וואָס צו עסען האָבען זיי ניט געהאַט, און טאַטע־מאַמע זיינען געווען ווייט, האָבען זיי געטהאָן דאָס וואָס אַנשטענדיגע געליעבטע טהוען געוועהנליך אין אַזעלכע פאַלען — זיי זיינען געשטאָרבען איינער אין דעם אַנדערען'ס אָרעמס.

אייניגע אָבער פון די שיפּלייט איז געלונגען צו אַנט־לויפען פון דאָרט, אין איינעם פון די באַרבאַרישע לענדער, וואו מע האָט זיי געפאַנגען פאַר שקלאַפען. איינער פון זיי איז דערנאָך אויסגעלייזט געוואָרען און ער האָט עס גע־בראַכט די ידיעה פון מאַ־ערא קיין פּאָרטוגאַל.

---

באַלד האָט דער טאָג אויסגעבראַכען אויף אַן אמת, עס איז געוואָרען ליכטיג אין אַלע זייטען, און עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונז אַ בילד וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַרויסגענומען פון אַ חלום.

פאַר אונז איז געלעגען אַ גרויסער אַמפּיטעאַטער גע־דיכט בעגרינט און זומערדיג, מיט גאַלערעען און גאַלערעען פון ווייסע הייזער און ווילאַס, איין גאַלערי העכער פון דער אַנדערער. דער הימעל איז געווען בלאָ פון זוים צו זוים, און אַהן אַ שום רמז פון אַ וואָלקען, און דער ים אַזוי ווי צר־שמאָלצענער לאַזורשטיין...

לכבוד מאַדערא האָט מען אונז פריהשטיק סערווירט מיט אַ שטונדע פריהער ווי געוועהנליך. די פּאַסאַזשירען,

אויפגעראמט און יום־טוב׳דיג, זיינען געווען אונגעדולדיג ארונטערצוגעהן וואס גיכער אויף דעם שעהנעם אינזעל.

---

ארום דער שיף איז געווארען א טומעל און א געפיל־דער און א מחנה קליינע פלינקע שיפלעך מיט האלב־נאקעטע ברוין־הויטיגע פארטוגעזען האבען ווי א באנדע פיראטען ארומגערינגעלט אונזער דאמפפער.

זיי האבען אלע געשריען מיט בענומענע קולות. איינער האט געוואלט אריבערשטייגען דעם צווייטען און איטליכער האט געבעטען מע זאל ארונטערווארפען אין וואסער א זילבערנע מטבע און זעהן ווי ער וועט זיך אונטערטונקען און זי אויפכאפען.

איך אזוי ווי אנדערע פאסאזשירען, בין געווען משיקאווע צו זעהן דעם קונץ. האבען מיר ערפילט זייער בקשה, און די פלינקע חברה איז אין א וואונק פון אויג אראפגעשפרונגען פון די שיפלעך אין דעם קריסטאל־קלארען דוו'כזיכטיגען ים. מע האט געקענט זעהן זייערע לייבער זיך בעוועגענדיג אין וואסער אזוי ווי פיש אין א גלעזערנע וואזע.

אין א סעקונדע זיינען זיי געווען צוריק טרייסלענדיג דאס וואסער פון די אויגען און די אויערען און האלטענדיג די זילבער־מטבעות צווישען זייערע ווייסע געזונדע צייהנער... די מוסקולען זיינען ביי זיי אלעמען געווען זעהר שטארק ענטוויקעלט, און מע האט געקענט זעהן אז דער ים איז זייער נאטירליכער עלעמענט און אז זיי לעבען דעם גרעסטען טייל פון טאג אין וואסער.

פאר א האלבען דאלאר איז איינער פון זיי אראפגע־שפרונגען פון דעם אויבערשטען דעק פון דער „לאקאניא" אין ים אריין. א צווייטער האט זיך אנגעבאטען פאר א דאלאר ארונטערשווימען אונטער דער שיף פון איין זייט און ארויסשווימען פון דער אנדער זייט. אבער עס האבען זיך ניט געפונען קיין בעלנים.

אפשר האט קאליע געמאכט דעם עסק איינער פון די פאסאזשירען וואס האט די נסיעה דורכגעמאכט צום צוויי־טען מאל. ער האט דערצעהלט דעם עולם ווי ער האט געזעהן איינעם בעווייזענדיג דעמדאזיגען קונץ פאר א קוואדער...

בעזונדערס צוגעצויגען אונזער אלעמענ'ס אויפמערק־זאמקייט האט א מאן פון א יאהר דרייסיג וואס האט בלויז געהאט איין האנד — די לינקע. ער איז געוועזען דער גרעס־טער מזיק פון אלעמען און פיש האבען געמעגט קומען זיך לערנען שווימען פון איהם.

אן אנדערער איז געקומען מיט זיין גאנצער משפחה. דער יינגסטער איז געוועזען, לויט זיין אויסזעהן, ניט עלטער ווי 5—6 יאהר. אז ער האט צעשפרייט די קליינע הענדט־לעך און איז אריינגעשפרונגען אין וואסער, האט ער אויס־געזעהן ווי א קליינע זשאבקע.

---

צו דערזעלביגער צייט וואס די ברוינע פונטשאלער האבען געבעטעלט קוואדערס, צעהן־סענטיגע און — צום סוף, ווען דער מקח איז ארונטער — ניקעלס, האבען די ווייסע ים־פויגלען זיך ארומגעריסען איבער די אלטע ברויט

וואס די קוכערס האבען ארויסגעשאטען דורך די פארטקעס פון דער שיף... זיי האבען געריסען איינער פון דעם אנ־דערן׳ס מויל און געמאכט גוואלדען עד לשמים.

העכער ווי א שטיקעל פערדארטע ברויט איז די השגה פון דידאזיגע געפליגעלטע קבצנים ניט געגאנגען. און אפשר אז מע וואלט מיט זיי גערעדט, וואלטען זיי געזאגט אז זייער פרנסה איז מעהר בכבוד ווי די פרנסה פון די פונטשאלער נאך אלעמען האבען זיי דאך ניט געשנארט און ניט געמאכט קיין קונצען...

---

עס איז געווארען היים. מיין מאנטעל האב איך נאך פריהער פון זיך געהאט אראפגעווארפען, איצט איז מיין ראק געווארען צו שווער. נישט פאר ד ע ם קלימאט געמאכט.

די סוב־טראפישע זון האט גענומען ארויסווארעמען די עראינערונגען פון פראסט און שנעע וואס איך האב פערשלעפט פון ניו יארק.

קיין האפען איז אין מאדערא ניטא. איז אונזער שיף געבליבען שטעהן ווייט אין ים ארויס און א קליין דאמפף־שיפעל האט אונז געבראכט צופיהרען צום ברעג.

מיר זיינען אריין אין דער שטאדט. זי איז געלעגען איינגעבאדען אין זונענשיין.

וואו מיר זיינען געגאנגען, זיינען מיר געוועזען ארומגע־רינגעלט פון קליינע קינדער, און אפט אויך פון דערוואק־סענע, וואס האבען געבעטען א נדבה...

אין דער טהיר פון א הויז וואס מיר זיינען פארבייגע־

גאנגען, איז געשטאנען א יונגע פרוי און האט זיך גע־שפיעלט מיט א קינד וואס זי האט געהאלטען אויף די הענד. אזוי שנעל ווי זי האט אונז בעמערקט, האט זי אינ־סטינקטיוו אויפגעהערט שפיעלען און האט אויסגעשטרעקט צו אונז איהר האנד.

זי האט אויסגעזעהן ניט צו זיין ארעם. פשוט א שאד געוועזן פארבייצולאזען אזא גאלדענע געלעגענהייט... ניט אלע טאג קומען טוריסטען.

אין א פענסטער איז געשטאנען א פאפוגאי און האט געשריען אויף פארטוגעזיש. איך בין געוועזן זיכער, אז דאס בעט ער א נדבה...

מיר האבען זיך אפגעשטעלט ביי אן עק גאס פרעגען דעם פאליסמאן, וואוהין מיר דארפען געהן. האב איך בע־מערקט, אז דער „היטער פון דער ארדנונג" געהט נעבאך אין תחתונים וואס זיינען ערטערווייז געוועזן זעהר שטארק פערלאטעט.

ער האט אונז זעהר העפליך אנגעוויזען וואוהין מיר דארפען געהן, אבער איך האב געקענט זעהן אז ער פער־שילט אי זיך אי דעם גאנצען פונטשאלער פאליציי־דע־פארטמענט פאר וואס ער קען אויך ניט טהאן ווי לייט טהוען און בעטען א שטיקעל נדבה...

---

פונטשאל, וואס מיינט אויף דעם פארטוגעזישען לשון „דער פלאץ וואו עס וואקסט קימעל" — איז א שטאדט פון אן ערך 25 טויזענד איינוואוינער. די גאסען זיינען שמאל און ברוקירט מיט קליינע שטיינער אויסגעלעגט אין לענג־

ליכע דריי־עקיגע פיגורען. זיי ווערען זעהר ריין געהאַלטען.

אויפ'ן גאַנצען אינזעל געפינט זיך ניט קיין סימן פון א וואַגען. מע וויים ניט פון קיין צורת ראָד.

איבעריגענס וואָלט א וואַגען אין פונטשאַל געווען א נוצלאָזע זאך. די גאַנצע שטאָדט געהט שאַרף באַרג־אַרויף און די הייזער ליגען שטאַפּעל־ווייז איינס איבער'ן צווייטען.

איז מען געפאַלען אויף אַן המצאה און מע געברויכט א זאָרט שליטענס וואָס מע רופט „קאַרראָס". דער איינציגער פּלאַץ אין דער גאַנצער וועלט וואו מע האָט קיינמאָל קיין שנעע אין די אויגען ניט אָנגעזעהן און דאָך קען מען האָבען דעם תענוג פון שליטלען זיך אַלע טעג פון יאָהר.

די שליטענס ווערען געפיהרט פון אָקסען. צוויי אין יעדען שליטען. אחוץ דעם טרייבער געהט מיט ביי יעדען געשפּאַן איינער וואָס זיין עובדה איז צו טראָגען א גרויסע שמאַטע איינגעטונקט אין אויל. דידאָזיגע פעטע שמאַטע וואַרפט ער אַלע ווייל ארונטער, אונטער די הילצערנע שיענעס פון דעם שליטען כדי זיי זאָלען זיך לייכטער גליטשען.

פאָהרענדיג אין איינעם פון דידאָזיגע שליטענס, מיט אַן אַפריקאַנישער זון איבער'ן קאָפּ, און הערענדיג ווי דער טרייבער שרייט אויף די אָקסען, שפּירט מען עפּעס אַזוי ווי מע וואָלט זיין אין קאַפּויר־לאַנד וואו אַלצדינג איז אומיסנע פערקעהרט און אַנדערש ווי געוועהנליך...

אַלץ צו פערדאַנקען דעם פערליעבטען פּאָאר'ל וואָס האָט ניט געוואָלט פאָלגען טאַטע און מאַמע און איז אַנטלאָפען פון דער היים.

## VI.

# „ווילדע בלומען"

מיר האָבען זיך אַריינגעזעצט אין איינעם פון די אקס־שליטלעך און זיינען געפאָהרען גאַס־איין גאַס־אויס. ביז מיר זיינען געקומען צו אַ קליינער צאָהן־ראָד־באַהן. וואָס קלעטערט באַרג־אַרויף, ביז אַן ערך צוויי טויזענד פוס איבער דער פלעך פון ים.

די נסיעה מיט דער באַהן איז געווען אין אָפענע וואַגאָנעס, און דער דייטשער לאָקאָמאָטיוו האָט אונז לאַנגזאַם און געמיטהליך געצויגען דורך גערטנער און סע־דער, געפלאַנצט טעראַסען־פאָרמיג. אומעטום האָט עס געגרינט און געבליהט. קליינע רויטע אַפּעלסינען האָבען זיך געררייצט מיט אונז פון צווישען זייערע דונקעל־גרינע בעהעלטניסען און אַלערליי־פאַרביגע טראָפּישע צמחים האָבען געשריען צום אויג און געבעטעלט — אַ קוק...

אומעטום איז געווען אַ פערשייטע פרוכטפּערקייט, וואָס האָט זיך געריסען צו דער זון מיט ווילד־צולאָזטע בלעטער און בליהונגען. ערטערווייז האָט זיך געשפּירט אין דער לופט אַ גערוך פון איבערגעוואַקסענקייט...

די גאַנצע צייט פון אונזער פאָהרען, זיינען פוןביידע זייטען פון די קריכענדע וואַגאָנעס, נאָכגעלאָפען איינגע־לעך און מיידעלעך און האָבען צו אונז אין וואַגאָן אריינ־געוואָרפען גרויסע ווייסע ליליען און רויטע בלומען פון אַלערליי מינים. דאָס איז ניט געטהאָן געוואָרען פון גרויס בעוואונדערונג פאַר אונז חלילה, אָדער כדי אונז צו געבען אַ שעהנעם ברוך הבא. ס'איז פשוט געווען אַן איידעלע אָנצוהערענעס אַז מיר זאָלען עפּעס שענקען... האָט מען די אָנצוהערענעס ניט גלייך פערשטאַנען, איז געקומען אַ מענה לשון וואָס איז אפילו געווען אונפערשטענדליך אָבער די כונה איז געווען קלאָר ווי דער טאָג.

האַלב־וועגס זיינען מיר אַרונטערגעשטיגען פון די וואַגאָנעס און האָבען זיך געלאָזט געהן צופוס אַרויף באַרג. עס איז אונז ניט גאַנץ לייכט אָנגעקומען זיך צו בעפרייען פון די טרעגער וועלכע האָבען פון אַלע זייטען זיך אָנגעבאָטען אונז אַרויפצוטראָגען אַהין אויף אַ סאָרט טראָג־וויעג געטראָגען פון צוויי'ען.

---

די באַרג־לופט האָט פערשאַרפט אונזער אַפּעטיט, און מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן וועג אין אַ מין גאַרטען־רעסטאָראַן וואו מען האָט אונז סערווירט אַ זעהר געשמאַקען פרישען מאָהלצייט, און וואו מיר האָבען פער־זוכט דאָס בעריהמטע מאַדעראַ'ער וויין.

עס איז שוין לאַנג ידוע, אַז די בעסטע „באַסטאַן בעבלעך" קריגט מען דוקא אין קאַליפאָרניא. אָבער איך וואָלט געקריוודעט דעם אָרימען אינזעל ווען איך זאָל ניט

מעיד זיין אַז דאַ גלײַך אויפ'ן אָרט, אַז דער ווײַן וואָס מיר האָבען געטרונקען איז געווען עכט מאַדעראַ'ער, נ י ט קוקענדיג דאַרויף וואָס מיר זיינען געווען אין מאַדעראַ גופא.

די גאַנצע צייט וואָס מיר האָבען געגעסען, האָט לכבוד אונז געשפּיעלט אַ וואונדערבאַרער אָרקעסטער. די מיט־גליעדער פון דעם אָרקעסטער זיינען געווען אויסגעזעצט אויף די אָרומיגע בוימער און קוים זיך געלאָזט זעהן. זיי האָבען געטרילעט מיט אַן אמת'ער מתיקות און האָבען זיך געמיהט אונז צו אונטערהאַלטען ווי ווייט זיי האָבען גע־קענט. די איינציגע אמת'ע מכניסי אורחים אין מאַדעראַ. צומאָל קיין טרינק־געלד ניט פערלאַנגט.

נאָכ'ן עסען זיינען מיר אַרויף אויבען אויפ'ן באַרג וואו מיר האָבען געטראָפען אַן אַלטען קאַטוילישען קלויס־טער. די טהירען זיינע געווען נאָסטעזש אָפען, און אַ יונ־גער גלח אין זיין שווארצען קיטעל מיט אַ צלם אַנגעהאַנ־גען אויף דער ברוסט איז געשטאַנען גרייט די טוריסטען מקבל פּנים זיין און זיי ווייזען די וואונדער פון דעם קלויסטער. אגב אורחא איז געווען אָנגעקלאַפּט אַ גרויסע אייזערנע פּושקע וואָס האָט געגעבען צו פערשטעהן, אַז אויף נסים קען אפילו אַ קאַטוילישער קלויסטער אויך ניט לעבען...

איך האָב אַריינגעוואָרפען אַ האַלבען דאָלאַר אין דער צדקה־פּושקע, און דער יונגער גלח האָט עם געהאַלטען פאַר זיין חוב מיר צו ווייזען אַז איך האָב זיך ניט אָפּגענאַרט און די קירך איז עם ווערטה לכל הדעות. האָט ער מיר

דערצעהלט, אז זי איז נים וועניגער ווי צוויי־הונדערט־און־פופציג יאהר אלט. איך אליין, דעם אמת זאגענדיג, האב געהאט א שטארקען חשד אז די זקנה פון דעם קלויסטער איז ווערליג נאכ'ן געבער. ווען איך וואלט אריין אין פושקע א דאלער וואלט דער יחוס אנגעשפארט ביז דעם 10טען יאהרהונדערט.

ווערטה געווען אבער כל הגעלטען איז די פאנאראמא וואס האט זיך פאנאנדערגעוויקעלט פאר אונזערע אויגען פונ'ם שפיץ טהורעם פון דעמדאזיגען קלויסטער. עס האט זיך געלוינט צוליעב דעם אליין מאכען די נסיעה איבער'ן אוקינוס.

דער גריז־בעוואקסענער אינזעל דורכגעפלעקט מיט ווייסע הייזער, האט שטיל און צופרידען געזויגען אין זיך די מיטאג־שטראהלען. אין א האלבען עגול האבען פון וויטען גע'חלומ'ט די בערג, און דער רוהיגער ים האט זיך געצויגען ווייט ווייט אוועק אין דער זון, ביז ער האט זיך פערלארען אין א לייכטען נעבעל...

איך וואלט דארט לענגער געבליבען, אבער די צייט איז געווען קורץ. זיינען מיר ארונטער פונ'ם טהורעם אין דעם דונקעלען קלויסטער און פון דארט צוריק ארוים אין זונענשיין...

---

צוריק איז דער וועג געגאנגען אין א מין שטויס־שליטעלע. געגויער גערעדט, האט מען אייגענטליך דאס שליטעל נים געדארפט שטויסען נאר צוריקהאלטען עס זאל זיך צוזאמען מיט אונז נים אראפגליטשען בארג אראפ.

אויפ'ן וועג האבען אונזערע פיהרערס — איטליך שליסעל האט געהאט צוויי — זיך אפגעשטעלט נעבען א סארט שענק, און האבען ערקלערט, אז זיי זיינען שרעקליך דארשטיג, און אויב עפעס וועט ניט געטהאן ווערען צו שטילען זייער דארשט, קענען זיי נאך חלילה אוועקפאלען פאר אונזערע אויגען.

דער עלטסטער האט אפגעשאצט די גרויס פון זיין דארשט אין ניט ווייניגער ווי א האלבען שילינג אדער צוועלף סענט.

אז ער האט געקראגען דאס געלט, איז ער שנעל אריינגעלאפען אין דער טראקטיר און תוך כדי דבור איז ער שוין געווען צוריק. איך האב געזעהן אז זיינע שווארצע וואנצעס און זיינע ליפען זיינען געווען טרוקען.

---

מיר האבען ווידער געמאכט א שפאציר דורך די הויפט גאסען. עס האט זיך בעזונדערס געווארפען אין די אויגען די גרויסע צאהל פון דייטשע מאגאזינען.

אויסער וויינען און פרוכטען ווערען אויפ'ן אינזעל פראדוצירט שטיקערייען, געפלאכטענע קערב און אנדערע האנד־ארבייט, וואס ווערען פערקויפט פאר זעהר א ביליגען פרייז.

איך האב געקויפט א קונציג אויסגעארבייט בייטעלע אויפגעשנירט פון די ברוינע קערלעך פון אזא מין קירבים. דער מקח איז געווען הונדערט „רעים", וואס דאס מיינט אויף אונזער אמעריקאנישען געלד א קימא לן פון צעהן סענט.

---

ביסלעכווייז האבען די פיער הונדערט טוריסטען וואס האבען זיך אוועקגעלאזט בעקוקען דעם אינזעל, גענומען זיך אומקעהרען צו דער שיף.

אסך האבען ארויסגעוויזען שטארקע סמנים אויף זייער געזיכט און מעהר נאך אין זייער געהן, אז זיי האבען ניט פערשעמט די מאדערא׳ער געטראנקען...

איינער א יונגער מאן האט בשום אופן ניט געוועלט ארויף צוריק אויפ׳ן שיף. עס האט ניט געהאלפען קיין טענה׳ן און קיין ריידען, און נומע פריינד האבען איהם געמוזט ארויפטראגען אויף די ארעמס מיט געוואלט. די אויגען זיינע האבען געגליהט און די צונג האט בלויז מיט מאטערנים געקענט ארויסזאגען:

— לאזט מיך אין מאדערא!...

---

ניט ווייט פון אונז זיינען געווען פעראנקערט נאך אנדערע שיפען. איינע א דייטשע וואס איז נאר וואס אנגעקומען, איז געווען ארומגערינגעלט מיט דיזעלביגע האלב־נאקעטע פארטוגעזען, ווי אונזער „לאקאניא״.

דארט האט מען געווארפען אין ים מארקען און זילבערגראשעל. אבער די פונטשאלער זיינען אינטערנאציאנאל... נאטירליך אז דער אמעריקאנער איז א נדבן, דאס ווייסען זיי. אזעלכע קונצען ווי פאר אונז וועלען זיי שויז, מאלט אייך, פאר די דייטשען נ י ט ווייזען. זיי ווייסען, אז אזעלכע מטבעות ווי פון אונזער שיף וועלען זיי אין ערגעץ ניט קריגען.

פון זייער לאנגער ערפאהרונג האבען זיי זיך אויסגע־

לערענט אפצושאצען יעדער פאלק, לויט זיין ווערטה. גע־
נויער גערעדט, לויט דעם וואס מע קען ערווארטען פון
דעמדאזיגען פאלק אין מטבעות. פון דעם מאדערא׳ער
שטאנדפונקט איז דער אמעריקאנער דער אמת׳ער בחיר
היצורים.

דידאזיגע אויסצייכענונג — ווי איך האב שפעטער
אויסגעפונען — האט דער אמעריקאנער ברוך השם אומע־
טום. קעלנער האלטען פון איהם אן עולם ומלואו, ער
ווערט בעוואונדערט פון הא‍טעליערס און בעטלער גלויבען
אז עס איז צו איהם קיין גלייכען ניטא.

דאס אומגליק איז אבער וואס נים אלע זיינען קעל־
נער... פאראן צייטען און פאלען וואו דער איירא‍פעער
מיט זיינע „פעניגער״ אדער מיט זיינע „רעים״ קען אויפ־
טהאן מעהר, און אויף א מעהר בכבוד׳ען אופן, ווי דער
אמעריקאנער מיט זיינע דאלארס.

---

די זונינקייט פון דעם טאג איז מיר פערבליבען אין
הארצען דעם גאנצען אבענד.

עס איז שוין געווען טיעפע נאכט און די שיף איז
שוין געווען א רעכט שטיק אפגעגאנגען אויף איהר וועג
צו גיבראלטאר, און איך האב נאך אלץ געטראכט פון דעם
שעהנעם אינזעל.

זיסע בילדער פון א זוניגען רוהיגען רייכען לעבען האָ־
בען זיך גענומען ארויסמאלען פון דער צוקונפט...

איך האב געשפירט ווי די קנייטשען פון דער נשמה
— קנייטשען וואס האבען זיך יאהרען און יאהרען נים

אויסגעגלייכט — גלעטען זיך איצט אויס. איך בין גע־שטאנען אין א ווינקעל שיף און האב אין דער דונקעלהייט געזעהן דעם לאנגען צאפ פון שוים וואס דער רודער לאזט הינטער זיך... איך האב אזוי גוט פערשטאנען אי דעם ים, אי דעם הימעל און איך האב זיי אלע אזוי אמת ליעב געהאט... איך האב זיך נעפיהלט זיכער צווישען זיי.

מיט אמאל איז דאס הארץ פערפלייצט געווארען מיט א ווארעמען שטראם פון דאנקבארקייט, פאר וואס מיר פון אזוי פיעל טויזענדער און צעהנדליג טויזענדער, איז בע־שערט געווארען דאס גרויסע גליק, דעם אלטען טרוים צו פערווירקליכען און פאהרען קיין ארץ ישראל...

די ווערטער האבען געשעפטשעט די דאנק־תפלה וואס איך האב ניט געקענט און ניט געוואוסט ו ו י צו זאגען.

איך האב זיך געפיהלט געלייטערט און גליקליך...

VII.

# די זוילען פון הערקולעס

דעם ערשטען טאג אין דעם מאנאט פעברואר אין דעם יאהר נײנצעהן הונדערט און פערצעהן, צוויי טעג נאך דעם ווי מיר האבען פערלאזען דעם אינזעל מאדע־רא, איז אונזער שיף „לאקאניא" אריין אין דעם שמא־לען האלז, דורך וועלכען די בלאהע וואסערען פון דעם מיטעללענדישען מעער גיסען זיך אריין אין דעם אטלאנ־טישען אוקינוס.

אנטקעגען אונז האט זיך אויפגעהויבען א ריזיגער דונקעלער פעלז, דורכגעפענסטערט פון אונטען ביז'ן סא־מע שפיץ, מיט פעסטונגען און עפענונגען פאר קאנאנען. — גיבראלטאר.

---

פאר די פארצייטיגע פעלקער איז דא געווען דער עק פון דער וועלט. די שיפער און די ים־פאהרער הא־

בען זעלטען ווען געוואגט אריבערצוגעהן די שוועל פון דעם מיטעללענדישען מעער. האבען זיך ווען עס א'ז געפונען מענשען, וואס זיינען געווען מוטהיג גענוג זיך ארויסצוכאפען אויפ'ן ים אוקינוס, זיינען זיי ענטוועדער ניט מעהר צוריקגעקומען, אדער אז זיי זיינען שוין יא צוריקגעקומען, האבען זיי געבראכט אזעלכע מורא'דיגע ספורים פון שטורעמס און פון משונה'דיגע וואסער־חיות, אז די צוהערערס איז אזש א שוידער אריבערגעגאנגען איבער'ן לייב.

אונזערע לייבליכע שוועסטערקינדער די „צורים" אדער פעניציער זיינען געווען צו גוטע סוחרים זיך אפצושרעקען פון אזעלכע מעשות. האבען זיי אנגעצויגען די זאגלען אויף זייערע שיפען און האבען זיך אוועקגעלאזט זוכען גליקען פאזע די אייראפעאישע ברעגעס פון דעם אטלאנטישען מעער. זיי האבען זיך דערשלאגען אזש קיין ענגלאנד — דיזעלביגע ענגלאנד, וואס וועכטערט איצט אויף גיבראלטאר — און האבען געבראכט פון דארט צין און אנדערע מעטאלען.

---

די אלטע גריכען, האבען די פעלזיגע ביישטידלען פון דעם מיטעלמעער'ס טויערען, אנגערופען „די זיילען פון הערקולעס", און דערצעהלט האבען זיי אט־וואס :—

דער גאט צעאוס אדער יופיטער האט געפיהרט א ליעבע מיט אלקמענען, דער וייב פון דעם קעניג אמפיטריאן, און האט מיט איהר געהאט א זוהן, וואס מע האט איהם גערופען הערקולעס. אזוי ווי אלע ממזרים,

איז הערקולעס געווען זעהר א גערעטענער. דאס האט געשמאכען אין הארצען הערא'ן, די ווייב פון צעאוס, און זי האט איהר מאן'ס זוהן אנגעטהאן אלעהליי נגישות.

אפילו ווען הערקולעס איז שוין געווען א מטופל מיט א פאמיליע, האט זי איהם אלץ ניט אויפגעהערט צו פערפאלגען. איין מאל איז זי איהם אזוי דערגאנגען די יאהרען, אז ער איז פון פערצווייפלונג משוגע גע־ווארען און האט פון משוגעת אריינגעווארפען זיינע איי־גענע קינדער אין פייער.

אז ער איז געקומען צו זיך און האט זיך ארומגע־זעהן וואס פאר א שרעקליכען פערברעכען ער האט אפגעטהאן, איז ער אוועק אין דעלפי, וואו עס איז גע־זעסען די פריסטערין פיטהיא און פון איהר האט ער א תשובה ארויסגענומען פאר זיין גרויסען חטא. זי האט איהם געגעבען צוועלף ארבייטען צו פערריכטען אלס פארגעבונג פאר זיינע זינד. איינע פון די צוועלף אר־בייטען איז געווען, ער זאל ברענגען גאלדענע עפעל פון דעם גארטען פון די העספערידען — די טעכטער פון דער נאכט.

איז דער העלדישער זוהן פון יופיטער אוועק אויף זיין וואנדער און פיעל לענדער האט ער אויסגערייזט. און א סך גבורות האט ער בעוויזען ביז ער איז געקומען צו דער שטיק יבשה, וואס טיילט אב דעם מיטעללענדי־שען ים פון דעם אוקינוס. האט ער זי מיט די הענד פאנאנדערגעריסען און איז ארויס אין די אטלאנטישע וואסערען זוכען די עפעל פון די העספערידען.

---

געמער, בעזונדערם אזעלכע וואס פיהרען ליעבעם און האבען ממזרים, שטארבען פריהער־שפעטער. אויף צעאוס'ן און זיין שעהנע משפחה איז אויך געקומען א צייט. און זייערע ארעמע גלגולים זיינען נאך געלעגען איינגעצונדעם צווישען פארמעטענע טאוולען אויף פער־שטויבטע פאליצעם און האבען געווארט אויף זייער גואל, ווען — אין אנהויב פון דעם 8טען יאהרהונדערט איז פון דעם אפריקאנישען ברעג אריבערגעקומען דער בערבערי־שער העלד טאריק־איבן־זיאד און האט איינגענומען דעם פעלזיגען בארג צוזאמען מיט דער ארומיגער געגענד אין דעם נאמען פון אללאה און זיין שליח מוחאמעד.

איז געבליבען דער נאמען „געבעל־ (אדער: דזשע־בעל) טאריק״ — דער בארג פון טאריק. שפעטער איז עס פערקירצט געווארען אויף „גיבראלטאר״.

אין פופצעהנטען יאהרהונדערט, נאך א סך מלחמות, איז דער פעלז אריבער אין דער ממשלה פון דער קאטוי־לישער שפאניען, וואס האט איהם בעצוואונגען אין דעם נאמען פון דער הייליגער דריי־איינינקייט.

ארום צוויי הונדערט און פופציג יאהר שפעטער איז געקומען ענגלאנד און האט צוגענומען דעם בארג אין דעם נאמען — פון גוטע קאנאנען.

פופציג מיליאן ענגלישע פונטען האט עס געקאסט, און צעהנדליגער יאהרען נאכאנאנד האבען אייזערנע קראטען געבויערט און געלעכערט די הארטע פעלז־שיכ־טען, און אין יעדער לאך איז אריינגעשטעלט געווארען א גרויסער תארמאט. און דורך דעם רעהר פון איטליכען

הארמאט האלט בריטאניען אַן אויג אויף דעם איינגאַנג פון די ימים...

---

מיט דעם אויסזעהן פון גיבראַלטאַר בין איך געווען זעהר גוט בעקאַנט נאָך פון כמה יאָהרען צוריק. ניט חלילה ווייל איך בין אַזאַ מאדים אין געאָגראַפיע. נאָר פשוט ווייל איך פלעג מיט דעמדאָזיגען באַרג זיך אָפט בעגעגנען אויף די אַנאָנסען פון געוויסע פערזיכערונג־געזעלשאַפטען און באַנקען, וואָס האָבען מבטיח געווען דעם עולם, אַז זיי זיינען אַזוי שטאַרק און פעסט ווי דער פעלז פון גיבראַלטאַר, און קיין אַנדער געזעלשאַפט אָדער באַנק קען זיך ממילא מיט זיי אין זיכערהייט ניט פערגלייכען.

דעם אמת זאָגענדיג האָב איך טאַקי צוליעב דידאָזיגע אַנאָנסען פון די פערזיכערונג־געזעלשאַפטען געהאַט אַ בעזונדערען אינטערעס אויסצוגעפינען אויב דער פעלז פון גיבראַלטאַר איז באמת אַזוי שטאַרק ווי מע טאַראַראַמט וועגען איהם, אָדער דאָס איז ניט מעהר און ניט וועניגער ווי אַן אויסגעטראַכטער בלאָף. אַ סך פון מיינע נאָהנטע בעקאַנטע האָבען אַרויסגענומען פּאָליסים אין די דערמאָנטע קאָמפּאַניעס, הויפּטזעכליך אויף דעם סמך פון דעם פעלז, וואָס איז על פי רוב געווען אויסגעמאָלט שוואַרץ. אויף דעם שוואַרצען גרונט איז געשטאַנען פּאַרקווער אויפגעדרוקט מיט גרויסע ווייסע אותיות דער נאָמען פון דער געזעלשאַפט.

דאָס בילד איז מיר געווען אַזוי איינגעדריקט אין זכרון, אַז ווען איך האָב דערזעהן דעם באַרג, האָב איך

ניט ווילענדיג געזוכט מיט די אויגען דעם נאָמען פון דער פערזיכערונג־געזעלשאפט...

---

אין די וואסערען ארום האָבען זיך געוויעגט אויף זייערע אנקערס אַ היבש ביסעל גראָ־פארביגע שיפען. קיין מאַטראָזען האָבען זיך אויף זיי ניט געזעהן, און קיין רויך איז פון די קוימענס ניט געגאַנגען. קענטיג, אויסגעדיענטע אַלטע שיפען, וואָס מע האָט געבראַכט אהער אויסלעבען דעם רעשט פון זייערע יאהרען.

אַ בית מושב זקנים פאַר געוועזענע ים־העלדען.

נאָכט פאַר נאָכט דערצעהלען זיי דעם שווארצען אומגעלומפּערטען גיבראַלטאַר־באַרג די חדושים וואָס זיי האָבען זיך אַביסעל אָנגעזעהן אין זייער לעבען. די העל־דישקייטען וואָס זיי האָבען בעוויזען, די לאַנגע נסיעות וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט. זוכט איין שיף די צווייטע אריבערשטייגען, הויבט מען זיך אָן ריהמען מיט זאכען וואָס זיינען ניט געשטויגען און נישט געפלויגען...

דערביי קרעכצען די רומאַטישע ריפּען אין וואסער און די אַלטע גליעדער קנאַקען און ברעכען...

הערט דער נארישער פעלז די ספּורים און גלויבט, און אפשר ניט. אָבער אַלץ בעסער ווי צו שטעהן אויפ'ן אָרט און שפּירען ווי קאַלטע קאַנאָנען גראָבלען די נע־דערעם...

---

עס איז געווען אַ קאַלטער זוניגער טאָג, ווען מיר זיינען אראָפּ אויפ'ן ברעג.

דער וועג איז געווען דורך דעם מארק, וואס איז איינגעטיילט אין צוויי העלפט — איין העלפט פאר מו־סולמאנער און די צווייטע פאר די קריסטליכע בעפעל־קערונג. דערנאך זיינען מיר דורכגעגאנגען א טויער, נעבען וועלכען עס איז געווען א גרויסע ענגלישע קאזאר־מע, און זיינען אריין אין דער שטאדט.

עס איז געווען זונטאג און אויף די גאסען זיינען ניט געווען פיעל מענשען.

---

ענגלאנד האט א שטארקע שמירה אויף איהר פעסט־טונג־שטאדט, און די ניי־אנגעקומענע מוזען האבען א ספעציעלע ערלויבניש, אויב זיי ווילען פערבלייבען וואוינען אין גיבראלטאר, אפילו ווען זיי זיינען ענגלישע אונטערטהאנען.

א סך טאג־לויהנער קומען יעדען טאג פון דעם דער־בייאיגען שפאנישען שטעדטעל, אדער ווי מען רופט עס פון „דער ליניע", אין גיבראלטאר ארבייטען. גלייך אבער נאך זונענאונטערגאנג ווערט אויסגעשאסען מיט א קאנאן און אלע פרעמדע מוזען ארויסגעהן. די טויערען ווערען דאן געשלאסען ביז איבער נאכט.

---

דא האב איך צום ערשטען מאל געזעהן דאס געמיש פון פעלקער, וואס מיר איז דערנאך אויסגעקומען צו זעהן אין א פיעל גרעסערער מאס אין כמעט אלע שטעדט וואו איך בין געווען אין פערלויף פון מיין נסיעה. עס זיינען געווען מורינען, שפאניער, איטאליענער און ענג־

לענדער, איטליכער אין זיינע בעזונדערע מלבושים.

איך האב אפט נעקלערט ווי פיעל שעהנער און איג־מערעסאנטער וואלט ניו־יארק געווען ווען איין פריה־מארגען וואלטען אלע זיבעציג אומות, וואס געפינען זיך אין איהר, ארויסגעקראכען פון דעם „שמעלץ־טאפ" און זיך אנגעטהאן צוריק אין זייערע נאציאנאלע קליידער. מיר וואלטען געהאט א פיעל פערשיידענפארביגערען אסארטמענט, ווי אפילו אזא קאסמאפאליטישע שטאדט ווי אלעקסאנדריא.

אין וואשינגטאן סטריט וואלטען מיר געקענט קווי־קען אונזערע אויגען מיט ווייסע אבאיעס, קאלירטע גא־לאביעהס און בעדואינישע קעפיעהס, אין מעדיסאן סטריט וואלטען מיר אנגעקוואלען פון קורצע געפאלדעוועטע גריכישע טוניקען, און אויף סעקאנד עוועניו וואלט אפ־געהילכט דער ראמאנטישער קלאפ פון טיראלער הילצער־נע קלומפעס. אבער אונזער קללה איז גלייכקיים, און אין אונזער סדום־בעטעל קריכט מען פון אייגענעם ווילען...

---

די הויפט־אנציהונג אין גיבראלטאר איז די פעסט־מונג. אבער פעסטונגען האבען קיינמאל קיין גרויסען חן אין מיינע אויגען ניט געהאט. און א פשיטא ווען מע ראֶרף צוליעב זיי קלעטערען אין דער הויך. איז ביי מיר געבליבען, אז איך זאל די פעסטונגען לאזען אויף אן אנדערס מאל. איך האב זיך בעסער געאיילט צו כאפען באמש א קוק אויף דעם שפאנישען שטעדטעל אלכעסי־

ראס, וואס איז אפגעטיילט פון גיבראלטאר דורך א בוכטע.

איך ווייס ניט אויב מיינע עלטערען זיינען געווען אין שפאניען. נאט ווייס פון וואנען דער גורל האט זיי אין ליטא פערטראגען. אבער מיין חשק צו בעטרעטען דאס לאנד פון די הידאלגאס איז געווען אין מיר אזוי שטארק, אזוי ווי איך וואלט געווען אן אפשטאם פון די אברבנאלס. גאט ווייס? אפשר איז ערגעץ אין מח געווען די קינדערשע נייגיריגקייט צו זעהן אן אינקוויזיציע און אן אויטא־דא־פע, און די אונטערארירדישע הייהלען פון דעם „עמק הארזים”?

מיר האבען זיך אריינגעזעצט אין א קליינעם דאמף־שיפעל און זיינע אפגעפאהרען אהין. אויף דער שיף זיינען געווען, א חוץ מיט־פאסאזשירען פון דער „לאקא־ניא”, א סך שפאניער. פריינדליכע מענשען וואס האבען לחלוטין ניט דערמאנט אן טארקוועמאדא׳ן. איינער, קענטיג אן ארבייטער, האט מיין טאכטערעל געשאנקען א שעהן קערבעלע, און האט עס געטהאן מיט אזוי פיעל פיינקייט און גאלאנטערי, אז מע האט איהם בשום אופן ניט געקענט ענטזאגען.

ער האט ניט אנדערש געוואלט אונז פערגיטיגען פאר זיין חלק אין דער אינקוויזיציע...

---

די לאנדשאפט אדער, גענויער, די ים־שאפט איז גע־ווען פון יענעם מין, וואס אז מע זעהט זיי איין מאל קען מען זיי קיינמאל ניט פערגעסען, און פיעל מע זאל

זיי ניט זעהן, קיין פּאַסיג וואָרט קען מען פאַר זיי ניט געפינען... שטאָט בעשרייבען האָט מען אַזעלכע לאַנדשאַפטען געזאָלט אויסשפּיעלען אויף עפּעס אַן איי־ דעלען אינסטרומענט...

דער מאַט־גרינער ים, דער ווייך־בלאָהער הימעל און די זאַנפטע קאַנטורען פון די ווייטע אַרומיגע בערג, פער־ שלייערט אין אַ ווייסליכען טומאַן — זיינען אַלע צונויפ־ געשוואומען אין איין דעליקאַטנעם לופט־בילד, וואָס האָט אויסגעזעהן מעהר ווי אַן עראינערונג איידער אַווירקליכקייט.

# VIII.

# סאַנטשאָ פּאַנסאָ'ס מדינה

אַלכּעסיראַס איז אַ קליינע רוהיגע פּאָרט־שטאָדט, וואָס דער שלאָף פון אַלטע דורות העננט נאָך שווער אויף איהרע ברעמען. זי צייכענט זיך איבעריגנס מיט קיין זאַך ניט אויס, סיידען מע זאָל אריינרעכענען אין יחוס די בעריהמטע קאָנפערענץ, וואָס איז דאָרט אָפּגע־האַלטען געוואָרען מיט אַ יאָהר צעהן צוריק צווישען ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד בנוגע צו מאַראָקאָ.

די געשיכט־שרייבער האָבען אַלכּעסיראַס ניט גע־וואָלט פערשעמען, האָבען זיי פון רחמנות וועגען אויס־געטראַכט, אַז ווען דער קעניג פון קאַסטיליען האָט אין פערצעהנטען יאָהרהונדערט בעלאַגערט די שטאָדט, וואָס האָט דאַמאָלס געהערט צו די אַראַבער, האָבען די אַראַ־בער צום ערשטען מאָל זיך בענוצט מיט פּולווער.

איצט איז די שטעדטעל שפּאַניש, אָבער דער זכר פון די אַמאָליגע איינוואוינער איז געבליבען אין'ם נאָ־מען, וואָס בעטייט אין אַראַביש (אל־געזיראַה) „דער אינ־

זעל״, צוליעב דעם אינזעל וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון דער שטאָדט.

---

מיר זיינען געגאַנגען דורך שמאָלע געסלעך דורך וועלכע אַ וואָגען וואָלט קוים זיך געקענט דורכשפּאַרען. פוןביידע זייטען מעהרסטענטיילס צוויי־שטאָקיגע געל־געפאַרבטע הייזער, מיט קליינע אייזערנע באַלקאָנען.

איך האָב זיך געמיהט מיט אַלע כחות צו פערבינדען אין געדאַנקען די דאָזיגע באַלקאָנען מיט אויסגעשטערנטע נעכט, און דונקעל־אויגיגע סיניאָריטאָס אויסגעפּוצט מיט רויטע בלומען אין די שוואַרצע האָאַר, און יונגע שלאַנקע טאָרעאַדערס מיט פאַרביגע שאַלען אַרום די לענדען, זינגענדיג סערענאַדען און צימבלענדיג אויף גיטאַרען. אָבער עס איז בשום אופן ניט געגאַנגען.

נעבען איין הויז איז געשטאַנען אַ קליינער עזעל וואָס האָט געהאַט דעם אָנבליק פון סאַנטשאָ פּאַנסאָ'ס בהמה. לכל הפּחות האָט זיך מיר אַזוי אויסגעדאַכט.

פון כעס, פון התפּעלות, אָדער גלאַט פון היימליכקייט וועגען, האָט דער עזעל פּלוצים צועפּענט ברייט די קינבאַקען און האָט זיך צושריען מיט אַ משונה'דיגען קול... מיר האָבען זיך אַלע געבראָכען די מחות צו געפינען אַ פערגלייך צו דעמדאָזיגען קול אָבער עס איז אונז אויף קיין פאַל ניט געלונגען.

אין ארץ ישראל, וואו איך האָב געטראָפען אַסך עזלען, און וואו זייערע געשרייען פּלעגען אָפט הילכען איבער דער גאַנצער קאָלאָניע, האָב איך ד'ים צונלייך געפונען: ס'איז

דער קול פון א פערזשאווערטען ברונעם־הענדטעל ביים פומפען וואסער. דר. זשיטלאווסקי איז מיט מיר מחולק און זאגט אז דער געשריי דערמאנט איהם אן אן אפגע־שמיסענעם אינגעל וואס שרייט פערכליפעטערהייד: „כ׳ל שוין מעהר ניט טהאן...״

---

מיר האבען בעגעגענט אויף דער גאס אסך שפאנישע סאלדאטען. אלע קליין געוואקסען אבער פלינק און ריהרעוו־דיג אין זייערע בעוועגונגען.

קיין פרויען האבען מיר כמעט ניט געזעהן, אחוץ איי־ניגע פויערטעס וואס האבען פאנאנדערגעטראגען מילך אין קאנען אנגעהאנגען אויף נאסטשעס אזוי ווי מע טראגט וואסער אין דער ליטא.

---

מיר זיינען געקומען צו א מין סקוועד, אקעגען א גרוי־סען אלטען קלויסטער. עס איז שוין געווען נאך גאטעס־דיענסט און דער סקוועד איז געווען כמעט ליידיג.

עס האט אבער ניט גענומען לאנג ביז מע האט אנ־געהויבען זיך אומקוקען אויף אונז. עס האבען זיך גענו־מען יאווען יונגע בחורים וואס האבען זיך אנגעשלאגען פאר פיהרערס און וועגווייזערס. צום אומגליק האב איך זיך געדארפט ארויסריידען אז איך זוך א פלאץ וואו צו עסען.

דאס איז געווען א סיגנאל פאר איטליכען פון זיי מיר פארצולעגען א רעסטאראן. מיין ידיעה אין שפאניש האט

מיר ניט געסטאַיעט צו פערשטעהן אַלע מעלות וואָס זיי האָבען מיר אַריינגערעכענט אין נדן. אָבער אַז יעדער בע־זונדער לויבט אין טאָג אריין ז י י ן רעסטאָראַן, דאָס האָט מען געקענט זעהן זיך שפּיגלענדיג אין זייערע שוואַר־צע אויגען און אויף זייערע ברוינע בעוועגליכע געזיכטער.

כדי לויז צו ווערען פון דעמדאָזיגען ניט־געבעטענעם עולם, האָב איך ערקלערט האַלב מיט'ן מויל און האַלב מיט די הענד, אַז דאָס האָב איך זיך בלויז אַרויסגערעדט על פּי טעות, אַז איך בין באמת גאָר ניט הונגעריג. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. און וואו מיר זיינען געגאַנגען איז אונז נאָכגעגאַנגען פוס־טריט אַ גאַנצע פּראָצעסיע פון וועג־ווייזער איטליכער גרייט אונז צו ברענגען אין זיין רעס־טאָראַן.

מיר האָבען בעשלאָסען באַדאַי מיר זאָלען וויסען אַז מיר שטאַרבען פון הונגער וועלען מיר זיך ניט אונטערגע־בען. די טאַקטיק איז געווען די אַלט־בעקאַנטע: אונזערע פיהרער אַדער, ריכטיגער, נ אָ כ ג ע ה ע ר , צו פער־מאַטערען.

מיר האָבען אָנגעהויבען שפּרייזען דורך די גאַסען אַזוי ווי מיר וואָלטען געהאַט נאָר וואָס געטרונקען אייזען־וואַסער. מיר פּאַראַוים און דער עולם נאָך אונז.

נאָך אַן ערך אַ האַלבע שעה פון אַזאַ מין געלאַף האָט די פּראָצעסיע גענומען ווערען שיטערער. קענטיג מע האָט זיך גענומען בעטראַכטען: אפשר זיינען מיר טאַקע ניט הונגעריג ?...

מיר האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט ביז דער לעצטער,

א זשוואווער איינגעל פון א יאָהר פערצעהן, האָט געגעבען א מאַך מיט דער האַנד, ווי מע זאָגט : ארויסגעוואָרפענע ארבייט...

לויז געוואָרען פון אונזערע פערפאָלגער, האָבען מיר זיך צוגעזעצט אויף א באַנק אין א פּאַרק נאָהענט דערביי און נאָכדעם ווי מיר האָבען אָפּגעווישט דעם שוויים און אָפּגעצויגען אביסעל דעם אָטהעם, האָבען מיר ערשט דער־שפּירט ווי טויט הונגעריג מיר זיינען...

נאָך א האַסטיגער בעראַטהונג איז ביי אונז געבליבען מיר זאָלען זיך א לאָז טהאָן צו א קליינעם רעסטאָראַן וואָס מיר האָבען בעמערקט אויפ׳ן וועג.

ביי דער טהיר פון דעם רעסטאָראַן האָבען מיר גע־טראָפען איינעם פון אונזערע וועגווייזער וואָס האָט שוין קענטיג פאָראויס מודיע געווען אז מיר קומען... מע האָט זיך אויף אונז געריכט.

דער רעסטאָראַטאָר דערזעהענדיג פאַר זיך אַמעריקאַ־נער, האָט תיכף בעשלאָסען אז מע דאַרף אונז געבען „סטייק״. און שטאָט די שפּאַנישע מאכלים אויף וועלכע מיר האָבען זיך אזוי שטאַרק געריכט, האָט מען אונז דער־לאַנגט א שפּאַנישע פּאָדעשווע מיט אַמעריקאַנישע פּרע־טענסיעס.

דערפאַר די פרישע אָראַנזשען וואָס מע האָט אונז סערווירט, זיינען געווען אויסגעצייכענט. זיי זיינען געווען קליין־געוויקסיג אזוי ווי די שפּאַנישע סאָלדאַטען וואָס מיר האָבען בעגעגענט אויף דער גאַס, און אזוי ווי אַלע

איינוואוינער פון אלכעסיראס בכלל. אבער זיי זיינען גע־
ווען זעהר זיס און בע'טעמ'ט.

---

ווען מיר האבען זיך אומגעקעהרט קיין גיבראלטאר צו
דעם קליינעם דאמפף־שיף וואס האט אונז געזאלט ברענגען
צו דער „לאקאניא”, האבען מיר זי געפונען בעלאגערט פון
קליינע שיפלעך און אין די שיפלעך זיינען געשטאנען שפא־
נישע פעדלערס און האבען פארגעשלאגען בקולי־קולות,
אלערליי שפיצען, אויסגעהעפטע טיכער, דעקען און שאלען.

דער פרייז וואס זיי האבען פערלאנגט איז געווען, גע־
וועהנליך, פינף מאל אזוי פיעל, אדער נאך מעהר, פון דעם
אמת'ן ווערטה. מע האט בעדארפט זיין א מומחה אין
הלכות דינגען צו קענען פון זיי עפעס קויפען אין גלייכען
געלד.

דער „בעדעקער” הקדוש זאגט אפילו ערגעץ וואו מען
זאל באטען א דריטעל פון דעם פערלאנגטען געלד. אבער
ווי אן ערפאהרענער פאסאזשיר האט מיר בעמערקט, די
פעדלערס ווייסען אויך פון „בעדעקער'ס” סודות, און זיי
שטעלען ממילא זייערע מקחים אזוי, אז מע קען זיך מיאוס
אפנארען פאלגענדיג דידאזיגע עצה.

איך האב געזעהן א דאמע קויפענדיג א שפאנישע
מאנטילא פון א פעדלער פאר צעהן דאלאר. זי איז געווען
שטארק צופריעדען מיט איהר מציאה. דער פרייז וואס
ער האט לכתחלה געבעטען איז געווען פופציג. נאך
דעם אויסדרוק פון דעם פערקויפער'ס אויגען האב איך

פערשטאַנען אַז אַזעלכע נאַאיווע קונים מאַכען זיך איהם ניט אַלע טאָג...

ארום אכט א זייגער ביי נאכט האט די „לאַקאַניא" ווידער אויפגעהויבען איהר אנקער און האט זיך געלאָזט דרום־צו, צו די ברעגעס פון אַלזשיר.

די פּאַסאַזשירען זיינען ניט געווען אין אַזאַ אויפגע־ראַמטען געמיט ווי נאָך דעם טאָג אין מאַדערא. זיינען עס געווען די מאַדעראַ'ער וויינען וואָס האבען געפּעהלט אדער האט דער פינסטערער גיבראַלטאַר ארויפגעוואָרפען אַן אומעט אויף די פּאַסאַזשירען ?

ווער ווייס ? אפשר איז עס געווען דער אַלטער איד וואָס מע האט איבערגעגעבען לקבר ישראל אין גיבראַל־טאַר, הגם מיר האבען קיינער דערפון ניט געוואוסט אין יענער נאכט ?

אויף דער שיף האט אראָפּגענידערט אַזוי ווי אַ וואָל־קען. אדער איז עס מיר נאָר געווען אויס'ן הארצען אַזוי ?

## IX.

# בערבערן־לאַנד

די זאַגלען אָנגעצויגען,
דעם אַנקער אויפגעהויבען —
און בלאָע ימים וועלען
מיר פאַנגען רייכע רויבען...

---

פון כאָראַסאַן און פערסיען
די טהייערסטע געוואַנדטען,
פון כינאַ זייד־בראַקאַטען,
פון הינדוסטאַן בריליאַנטען...

---

און ווען דער וועג בעגליקען,
דאַן וועלען מיר געפינען,
דעם שענסטען שאַץ פון אַלע —
וויים־לייביגע שקלאַפינען...

---

אין דעם ביכעל פון דער קונארד ליניע וואו עס זיי־
נען אויסגערעכענט געוועזן אַלע פיינע מעלות פון דער „לאַ־
קאָניא", איז בפרוש געזאָגט געוואָרען, אז זי איז פער־

זארגט מיט „אנטי־ראלינג־טעינקס", א מאכינאציע אזא וואס וועט די שיף בשום אופן ניט לאזען זיך ווארפען. אזוי ווי די שיף האט דאס ביכעל ניט געלעזען, האט זי אויף די הויכע אינדען פון דעם אוקינוס, ווי איך האב פריהער דערמאנט, זיך דוקא גאנץ היבשלעך געווארפען.

פלענען אונז די שיף־בעאמטע טרייסטען אז דער־פאר, ווען מיר וועלען אם־ירצה־השם זיין אין מיטעללענדי־שען מעער, וועלען מיר פערגעסען אן אלע צרות.

די נחמה איז געווען אן אמת'ע, און אונזער נסיעה פון גיבראלטאר ביז דעם נארד־אפריקאנישען ברעג איז גע־ווען דורך שטילע, רוהיגע וואסערען.

די פאסאזשירען זיינען אלע געווען לייכט און זומער־דיג אנגעטהאן. אלע זיינען געווען אויף די דעקען און הא־בען מיט פולע מיילער געצויגען אין זיך די ווארעמע דרום־לופטען און צוגעקוקט ווי א לייכטער ווינדטעל שיט גיל־דערנע רענדלעך אויף דעם ים'ס אויבערפלעך.

אכט־און־פערציג שעה נאך אונזער אפשייד פון ענג־לאנד'ס פעסטונג־בארג האט זיך די „לאקאניא" ארייגגע־גליטשט אין דער האלב־רונדער בוכטע פון דעם פראנ־צויזישען אלזשיר.

---

הונדערטער יאהרען נאכאנאנד איז די הויפט פרנסה אין אלזשעריא, אזוי ווי אין אלע בערבערישע ברעג־לענ־דער, געווען ים־רויבעריי, און דער האפען פון אלזשיר איז געווען א בעליעבטער זאמעל־פלאץ און בעהעלטענים פון די פיראטען. פון דאנען פלעגען זיי זיך אוועקלאזען אויף

זייער נעיענ נאָך די האַנדעל־שיפען וואָס פלעגען דורכ־
קרייצען דאָס מיטעלענדישע מעער אין אלע ריכטונגען,
און אַהער פלעגען זיי ברענגען זייער רויב און מאַכען די
חלוקה.

מיט אַן ערך אַכציג יאָהר צוריק האָט פראַנקרייך גע־
מאַכט אַן ענד צו דעמדאָזיגען שעהנעם „מסחר", האָט זיך
נעלאָזט קאָסטען נאָהענט צו פופציג מיליאָן פראַנק צו מאַ־
כען אַ מאָדערנעם פּאָרט, און האָט, סאַמע אונטער דער נאָז
פון דעם אַראַבישען קוואַרטאַל, אויפגעבויט אַ שעהנע ריזי־
רעוודינגע אייראָפּעאישע שטאָדט, מיט אַלע לעצטע איינ־
ריכטונגען.

---

דער גרויסער וואַסער־בעקען וואו אונזער שיף האָט
אַראָפּגעלאָזט איהר אַנקער, איז געווען א י י ן שטיק
מיער־בלאָע סאַמעט וואָס האָט זיך קוים־קוים געפאָלדע־
וועט דאָ און דאָרט. פון דעם האַלב־קיילעכיגען באַרגיגען
ברעג האָבען אונז אַנטקעגען־געלאַכט אין דער מאַרנענדי־
גער זון, די מונטערע אייראָפּעאישע בנינים, און הינטער
זיי, רייה איבער רייה, די ווייסע אַראַבישע ווילאַס אַרומ־
געזוימט מיט בוימער און גרינסען. ווען מע וואָלט זייער
שטומע בעגריסונג אויסגעטייטשט אין ווערטער, וואָלט
עס געווען אַ מין געמיש פון „באָן זשור" און „סאַלאַם
עלייקום".

מיר האָבען קוים געקענט אָפּרייסען אונזערע אויגען
פון דעם שעהנעם אַנבליק. ניט אומזיסט האָבען די אַראַ־

בער פערגליכען אלזשיר צו א דימענטשטיין איינגעפאסט אין זמאראגד.

---

אזוי שנעל ווי מיר זיינען אראפ אויפ'ן ברעג, זיינען מיר איבערגעגעבען געווארען אין דעם רשות פון א טשי־טשעראנע אדער וועגווייזער, וואס האט אונז ניט געזאלט אפלאזען אויף א רגע און האט אונז געזאלט בעווייזען אלע וואונדער פון דער שטאדט אין דעם משך פון א שטונד אדער צוויי.

אזוי ווי די צאהל פון די „געפאנגענע" איז געווען א גרויסע, האט מען אונז אויסגעזעצט אין דראזשקעס — צו פיער אין א דראזשקע. אויף איטליכער דראזשקע איז געווען אנגעהאנגען א ווייסער טאקטור און אויפ'ן ווייסען טאקטור איז געווען אויפגעדרוקט מיט גרויסע שווארצע ציפערען א נומער.

דאס איז געווען כדי מיר זאלען זיך חס וחלילה ניט צומישען.

די דראזשקעס זיינען געגאנגען איינע נאך דער אנ־דערער און ווען ניט די העלע מלבושים און דער געלעכטער און די לוסטיגקייט פון די פאסאזשירען וואלט מען לייכט געקענט מיינען, אז דאס איז א לויה ארגאנזשירט פון עפעס א פעראיין פאר א בכבוד'ען מיטגליעד.

אונזער פיהרער איז געווען אן איטאליענער. ער האט מיט אלע כחות זיך געמאטערט צו ריידען ענגליש. אוואו ער פלעגט בלייבען אביסעל צו קורץ — דארט וואו איינער פון אנשי שלומנו וואלט ד ע ר מ א כ ט מיט דער

האנד — פלעגט ער אריינשטופּעווען גאַנצע שטיקער פראַנ־צויזיש אָדער איטאַליעניש.

ער איז געווען אַ מרה־שחורה'דיגער נפש, און האָט אויסגעזעהן ווי איינער וואָס האָט אַ קראַנק קינד אין דער היים... ער האָט געמאָלען ווי אַ מיהל די ערקלערונגען וואָס ער האָט, לויט דער פּראָגראַם, אונז געדאַרפט געבען וועגען אַלע זאַכען. מע האָט געקענט זעהן בחוש אַז ער האָט די־דאָזיגע ערקלערונגען שוין געמאַכט אַזוי פיעל מאָל אַז זיי קריכען איהם שוין פון האַלז און ער קלערט די גאַנצע צייט: ווען וועט איך פּטור פון דער פינסטערער פּרנסה...

מיר זיינען דורכגעפאָהרען דעם אייראָפּעאישען פיער־טעל וועלכער איז אין אַלע פּרטים גלייך צו אַ פראַנצויזי־שער שטאָדט. פאַר די קאַפע־הייזער, אויפ'ן טראָטואַר און אויף אַ טייל פון דער גאַס, זיינען געווען אויסגעשטעלט קליינע טישלעך און מענשען זיינען געזעסען און געטרונ־קען קאַווע, אַבסינטה און אַלערליי אַנדערע פראַנצויזישע משקאות. די פרויען, חנ'עוודיג־פּערשייט און אָנגעטהאָן „אַ־לאַ־פּאַריזיען". די נעמען פון די גאַסען: „פּלאַס דע לאַ רעפּובליק", „בולוואַר דע לאַ וויקטואַר", „רי קאַרנאָ", „בולוואַר דע מאַרענגאָ". פראַנצויזישע מאַגאַזינען, קיאָסקס און טהעאַטערן. אויף די טראַמוועיס פראַנצוי־זישע אויפשריפטען א. א. וו.

און דאָך בילדען די פראַנצויזען קוים אַ דריטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג וועלכע איז עפּעס מעהר ווי הונדערט און פופציג טויזענד.

כדי זיך צו שפּירען אין גאַנצען פראַנצויזיש, האָבען

מיר אויפ'ן וועג געגעסען אן עכט פראנצויזישען „רעזשער״ און נאכדעם ווי מיר האבען בעצאהלט צו צוויי פראנצויזישע פראנק, וואס איז געווען ביליג, און געקריגען פון דער קאסירערין א פראנצויזישען שמייכעל, וואס איז געווען נאך ביליגער, האבען מיר זיך ווידער געאיילט „בעקוקען״.

---

אונזערע דראזשקעס מיט'ן פיהרער בראש, האבען זיך אפגעשטעלט נעבען דעם טויער פון דעם „זשארדען ד'עסעי״. מיר זיינען ארויפגעשטיגען און זיינען אריין אנקוקען איינע פון די רייכסטע באטאנישע זאמלונגען פון דער וועלט.

אלערליי זעלטענע פלאנצונגען און בוימער געפינען זיך אין דעמדאזיגען גארטען. פאראן אויך גאנצע אלעען פון באמבוס, פון פאלמען, פון מאנגאליעס און פון אנדערע מינים.

מיר איז בעזונדערס פערבליבען אין זכרון אן אלעע פון שלאנגען־בוימער, א מין שטארקע נידריגליכע בוימער, וואס זיינען אזוי צודרעהט און צופלאכטען, אז זיי זעהען ממש אויס ווי שלאנגען וואס זיינען דורך א קללה פון א מכשף לאנג צוריק מגולגל געווארען אין בוימער און זיינען מיט די עקען אריינגעוואקסען געווארען אין דער ערד.

די אלעע ציהט זיך אויף א לאנגען שטח און געהענדיג צווישען די צוויי רייהען פון דידאזיגע משונה'דיגע בוימער, דאכט זיך אויס, אז אט, אט וועט מיט אמאל פון זיי אפגעטהאן ווערען דער כשוף און די עקרעשען וועלען ארויס־

שלעפּען די עקען פון דער ערד און װעלען זיך נעהמען דרעד־
העז און קריכען איינער איבער דעם אנדערען.

דאָרט האָב איך צוערשט געזעהן די בוגענוויליאַס, וואָס הערען ניט אויף צו בליהען א גאַנץ יאָהר. די בלי־הונגען זיינען גרויסע, פּורפּעל־רויטע, און רופען ארויס א פריהלינג־ אָדער חתונה׳ דיגע שטימונג. דאַמאָלס און איט־ליך מאָל זינט דעם ווען נאָר איך האָב געזעהן א בוגענ־וויליא פלעג איך עס פערבינדען מיט מענדעלסאָהן׳ס חתונה מארש...

---

פון דעם גאָרטען איז די נסיעה געגאַנגען ארום דער שטאָדט ביז ארויף צו דער קאסבא אָדער דעם געוועזענעם שלאָס פון די אַמאָליגע דעים (נאָמען פון אַלזשירישע הער־שערס) און איצט א קאַזאַרמע. ניט ווייט פון דאָרט האָ־בען מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף א ווילע און האָבען געהאַט א וואונדערשעהנע אויסזיכט אויף דער שטאָדט און דער בלויער בוכטע.

איך האָב מחנך געווען דעם קאדאַק וואָס א גוטער פריינד האָט מיר געמאַכט א מתנה פאַר מיין אָפּפאָהר, און האָב ארונטערגענומען א בילד. דאָס דאָזיגע בילד איז איינס פון די זעהר ווייניגע וואָס מיר איז געלונגען גוט ארונטערצונעהמען. על־פּי־רוב פלעג איך בלויז אומזיסט פערדאַרבען די פילמס. די זון פלעגט מיר אָפּטהאָן אַלער־ליי שטוקעס. דאָ איז געווען צופיעל, דאָ צו ווייניג און אויב נעבעלדינקייט און אומדייטליכקייט איז דער אמת׳ער

סימן פון גרויסער קונסט, זיינען מיינע בילדער געווען אמת׳ע מייסטערווערק.

פשוט׳ע מענשען האבען דאס ניט פערשטאנען און האבען ערקלערט אז איך בין בלויז עובר אויף „בל תשחית״.

---

די דראזשקעס האבען מיר מעהר ניט בעדארפט און אונזער נעקסטער בעזוך איז געווען צופוס אין דעם אראבישען שטאדט־פיערטעל.

מיט איין שפרונג זיינען מיר אריין פון דעם צוואנציגסטען יאהר־הונדערט אין דעם מיטעל־אלטער, אדער ריכטיגער געזאגט, פון פראנקרייך אין טיעף אזיען.

מיר זיינען געווען אין א פינסטערער גחעטא. די גאסען זיינען געווען מורא׳דיג שמאל און פערדרעהט, און האבען זיך געשלעפט ארויף און אראפ. פוןביידע זייטען הויכע הייזער אהן פענסטער — די פענסטער, קענטיג, הינטען, צום הויף צו. ארום, א שמוץ און ארעמקייט וואס מע דארף ערשט זעהן צו קריגען דערפון א השגה. ערטערווייז זיינען די הייזער געווען אויבען צוגויפגעבויט און דער דורכגאנג איז געווען דורך א פינסטערען געוועלב.

עס האט זיך קוים געגלויבט, אז א פאאר מינוט גאנג סך הכל פון דאנען רוישט א קליין־פאריז...

די געסלעך זיינען געווען פול מיט קליינע הענדלערס, בעלי מלאכות וואס האבען געהאט זייער ארעמען ווארשטאט דערויסען, און גלאט אזוי לעדיג־געהערס, צווישען זיי אסך קאליקעס, ווי דער שטייגער איז אומעטום אין אריענט.

די קליידונג איז געווענהליך געווען א ווייסע געפלאַכ־טענע קאַפּ־בעדעקונג און א שווארצער איבערדעק ארום קערפּער.

די געזיכטער זיינען געווען דונקעלע, כמעט־נעגרישע און געקוקט האָבען זיי בייז און פערשלאָסען. איך האָב אין ערגעץ ניט בעמערקט א גאסטפריינדליכען אויסדרוק דער פּיראַט האָט נאָך געלויערט אין בליק.

איך האָב די גאנצע צייט געטראַכט פון צוויי זאכען. ערשטענס האָב איך געטראַכט פון דעם מאראָקאנישען רויבער רייזולי און ווי ער האָט אוועקגע'גנב'עט צוויי אמעריקאַנער און זיי אוועקגעפיהרט אין די בערג און געסטראַשעט אז אויב ער קריגט ניט די אויסלייז־געלד וואָס ער פערלאַנגט, וועט ער די געפאַנגענע טויטען. און צווייטענס האָב איך געטראַכט ווי דעריאַגט מען אונזער פיהרער. ער איז געלאָפען ווי א רוח פאַראויס און איך האָב געציטערט, אז אָט אָט בלייבען מיר אליין.

איך האָב איהם געוואָלט פרעגען וואו איז דאָ די אידישע שכונה, אָבער איידער וואָס ווען איז ער שוין מיט אונז געווען אוועק פון דעם געגענד וואו זיי וואוינען.

---

די לעצטע סטאנציע איז געווען די „דזשאמי־על־קעביר", אָדער די אַלטע מאָשיי — די עלטסטע אין גאנץ אלזשיר.

מיר זיינען אריין אין דער דונקלער דזשאמי. אין די ווינקלען האָבען פרומע מוסולמענער געדאַווענט ביחידות

און פעררי‏כט זייער רעק'אס (קניהונגען) זיך לחלוטין ניט אומקוקענדיג אויף אונז.

אויף דעם מימבאר (אונזער „אלמעמאר" שטאמט פון דעמדאזיגען אראבישען ווארט, חפנים) איז אויפגעשריבען אז די דזשאמי איז געבויט געווארען אין דעם 11טען יאהרהונדערט.

אונזער טשיטשעראנע האט זיך אויפגעפיהרט זעהר היימיש אין דער דזשאמי, גאר ניט אזוי ווי עס וואלט געווען א מקום קדוש.

מע האט אונז אויך אריינגעלאזט אין אונזערע שיך, ניט פערלאנגט מיר זאלען זיי אויסטהאן, אזוי ווי דער מאחמעדאנישער דין פאדערט.

צוליעב אט די צוויי טעמים האט די דזשאמי ביי מיר פערלארען דעם גאנצען חן. און אפילו איהר אלטקייט האט אויך ניט געהאלפען.

איך האב זיך דערמאנט אן דעם מאדרא'ער קלויס־טער וואס קוקט אוים אויף טוריסטען...

איבריגענס איז ד א ך געווען א שטיקעל אונ־טערשייד. קיין מ ו ס ל י ם האט אונז נ י ט בעווי־זען די וואונדער פון זיין הייליגקייט, אזוי ווי דער גלח אין מאדרא.

אזוי ווייט האט נאך די פראנצויזישע קולטור אין אלזשיר ניט דערגרייכט. מיט דער צייט וועט עס מסתמא קומען...

---

מיר האבען אפגעאטהעמט פרייער ווען אונזער וועג־

ווייזער האָט זיך מיט אונז צוזעגנט. אונזער „ברוך שפּטרני” האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגעלט אויף זיין געזיכט. עס איז געווען קלאָר אַז קיינער פון די ביידע צדדים וועט נאָך דעם צווייטן נישט בענקען.

מיר האָבן נאָך געהאַט אַביסעל פרייע צייט און זיי־נען אַוועק צו דער פּאָסט שרייבן בריוו. האָבן מיר דער־ווייל געקענט זיך אַנקוויקן, אָהן אַ שום מורה דרך, מיט דער שעהנהייט פון דעם בנין וואָס איז ניי אָבער געבויט אין מורישען סטיל. די דעקאָראַציאָנען פון די קאַרניזען און די ווענד בעשטעהען מעהרסטענטיילס פון קאָראַן־פסוקים און הייליגע טעקסטען קונציג אויסגעצאַצקעט און פערפלאָכטען.

אזוי ווי בילדער פון מענשען און חיות זיינען ביי די פרומע אַראַבער טריף ווי חזיר, זיינען אַלע פערציערונגען על־פי־רוב ענטוועדער געצאַצקעטע אותיות אָדער פערפלאָכטענע ליניען, קעסטלעך און קרייזען. מיט דעם־דאָזיגען בעשרענקטען מאַטעריאַל איז זיי אָפט געלונגען אַרויסצוברענגען די וואונדערבאַרסטע עפעקטען.

**X.**

# דאָס רעדעל

דאָס רעדעל לויפט, דאָס קייקעל יאָגט,
ווינקט מעפיסטאָפעל און ער זאָגט: —
דו מוסט פּרובירען!
ווינקט מעפיסטאָפעל און ער טראַכט:
לאַנג מיט'ן רעדעל אָפּגעמאַכט —
דו וועסט פערלירען...

---

דאָס רעדעל רוהט, דאָס קייקעל שטעהט...
„געוואונען!...” מעפיסטאָפעל גרייט
אין אָפּט צו באָרגען...
די נעגעל שאַרף אויף זיינע הענד,
און מאַרך און בלוט איז זיין פּראָצענט —
ניט היינט, איז מאָרגען...

---

ווידער א נסיעה פון אכט־און־פערציג שטונד צוויי־שען צוויי בלויע ים'ען. אין איינעם האט די „לאקאניא” געאקערט א שוימיגען וועג, און א צווייטער איז געהאנגען הויך־הויך איבער דעם מאסט פון דער שיף.

דעם פינפטען פעברואר אין דער פריה, האט זיך אונ־

זער שיף אפגעשטעלט אין א רוהיגען ים־ווינקעל ארומגע־ רינגעלט פון א הויכען ברעג. פרעכטיגע פאלאצען האבען אראפגעקוקט צו אונז פון בארג, פערשייט און האפערדיג, און האבען אונז בעטראכט אזוי ווי שעהנע קאקאטס בע־ קוקען א פרעמדען... זיינען מיר „ספארטס?"

דאס זיינען געווען די פאלאצען פון מאנטע קארלא, איינע פון די דריי שטעדטלעך פון דער קליינער מדינה'לע מאנאקא. דידאזיגע קליינע מדינה'לע פערנעהמט א שטח פון אכט מייל אויף אכט מייל, צעהלט א בעפעלקערונג פון פופצעהן טויזענד פארשוין און האט א חיל פון צוויי און זיבעציג סאלדאטען.

---

שוין מיט א טאג פריהער איז מאנטע קארלא גיט ארונטער ביי די פאסאזשירען פון די ליפען. אייניגע האָ־ בען גע'חלומ'ט פון „ברעכען די באנק", אנדערע האבען גלאט געוואלט זעהן דאס אכטע וואונדער פון דער וועלט פון וועלכען זיי האבען זיך אזוי פיעל אנגעלייענט און אנ־ געהערט.

אזוי ווי אהן אן ערלויבנים קען מען אין דעם קאזינא אדער שפיעל־הויז ניט אריינגעהן, האט אונזער גוטע פער־ זארגערין, די קונארד־געזעלשאפט, איטליכען פון אונז צו־ געשטעלט אזא מין ערלויבנים.

---

**מיר זיינען ארונטער אויפ'ן ברעג.**

**עס איז געווען א שטילער זומערדיגער מארגען. אויף**

די אונבעוועגליכע גלאַטע וואַסערען פונ'ם פּאַרט, אויף די ביסעל שיפען וואָס זיינען דאָרט געווען פעראַנקערט, אויפ'ן הימעל, און אויף די הויכע פּאַלמען וואָס האָבען זיך גע־ריסען צום הימעל, איז געווען אויסגעגאָסען אַ זיסע פער־חלומט'קייט... אַ טרוימער האָט זיך קיין בעסערען גן־עדן ניט געקענט ווינשען. פון אַלצדינג האָט געאָטהעמט רוהיגקייט און שעהנקייט און שבת'דיגקייט.

---

איז מיט יאָהרען צוריק געקומען אַ מאַן און האָט דאָ אויפגעבויט אַ גרויסען און שעהנעם פּאַלאַץ און האָט איהם בעפּוצט מיט אַלע מיני קונסט־ווערק. און פון אַלע עקען פון דער ערד, און פון אַלע פעלקער, וואַנדערען יונג און אַלט, פרויען און מענער, אויפגעקומענע מיליאָנערען און פרימאַדאָנאַס מיט נאַכטיגאַלען אין די העלזער, שוואַרצע פּרינצען און פּאַריזער טענצערינס, רוסישע קניאַזען און אַמעריקאַנער שטאָהל־קעניגען, פּאַשאַס און מאַנדאַרינס, און זיי קומען אין דעמדאָזיגען פּאַלאַץ און זיי דיענען דעם שרעקליכען אומ'ברחמנות'דיגען גאָט וואָס זיין נאָמען איז „שאַנס". און די „סאָסיעטע אנאָנים דע בען" (די אנאָ־נימע געזעלשאַפט פון בעדער — אַ מאָדנער נאָמען פאַר אַזאַ מין קאָמפּאַני) נעהמט פון דעם ערב־רב איהר צינז פון פופציג מיליאָן פראַנק, איטליך יאָהר.

---

לעקען דערווייל אַפּ אַ ביינדעל די איינוואוינער פון דער פּיצימאַנציגקער מדינה'לע. דאַרפען זיי קיין שטייער ניט צאָהלען. פּטור פון אַלע אָפּצאָהלען. בלויז איין

תנאי : זיי אליין טארען ניט שפּיעלען. ווער עס וויל רוחים ציהען פון זינד טאר אליין ניט זינדיגען.

עס לוינט זיך בעסער צו שניידען קופּאָנעס פון פרעמ־דע עבירות...

דער פירסט פון מאנאקא האט זעהר ליעב דעם ים און שטודירט זיינע טיעפעניסען. האט ער גענומען א טייל פון דעם געלט וואס ער קריגט פון דער קאזינא, און האט אויפגעשטעלט א מוזעאום פאר די וואונדער פון דעם אוקינוס.

איז מאנטע קארלא גע'כשר'ט, און דאס רולעט־רעדעל לויפט מיט א גוטען געוויסען : פילאנטראפּיע, וויסענ־שאפט...

---

אויף דער הויפּט־גאס האבען שפּאצירט, מעהרסטענ־טיילס אין דער ריכטונג פון דער קאזינא, מענער און פרויען אנגעטהאן לויט דעם לעצטען „געשריי פון דער מאדע". גרויסע פּרעכטיגע לימוזינס זיינען רוישיג גע־לאפען היין און הער.

קיינער פון דידאזיגע שעהנע אויטאמאבילען האט ניט געהאט די גאסטפריינדליכקייט אונז ארויפצונעהמען אז אונז אונטערצופיהרען. האבען מיר בעשלאסען זיך אויף זיי אפילו ניט ארומצוקוקען און נעהמען דעם טראמוויי.

אויף דעם טראמוויי איז געווען אויסגעמאלט א מאַ־נאך אנגעטהאן אין א ברוינעם נזיר־קיטעל מיט א שטריק ארום די לענדען... קענטיג דער הערב פון דער קליינער מלוכה'לע.

---

מיר זיינען צוגעפאהרען ביז דער קאזינא. ארום דעם שעהנעם געביי, ציהט זיך א גרויסער פארק פון אלערליי טראפישע בוימער. מיר האבען געשפאצירט דורך די שטע־ גען און האבען צוגעקוקט ווי די גערטנער בעשפריצען די פרישע גראזען און די בלומען... די לופט איז געווען — א קוויקענדער וויין. עס איז נאך געווען פריה. איב־ ריגענס האבען מיר זיך ניט געהאט וואס צו איילען.

האבען מיר זיך צוגעזעצט אויף א באנק, פון וואנען מיר האבען געקענט זעהן דעם פער׳חלום׳טען ים, און גע־ קענט צוהערען ווי די פויגלען זינגען אין די הויכע צוויי־ גען, און מאכען חוזק פון מאנטע קארלא און פון רולעט־ טיש און פון דעם אקעאנאגראפישען מוזעאום און פון אלצדינג צוזאמען...

און אז עס וועט ארויסגעהן אמאל פון דער קאזינא אן עלעגאנט־געקליידעטער העדר און וועט ארויסנעהמען א שמאהלענע זאך פון א הינטער־קעשענע, און עס וועט זיך הערען א קנאל און דער עלעגאנטער העדר וועט ליעגען די אויגען אויסגעגלאצט צו די שעהנע הימלען און זיין ווייסע העמד וועט ווערען רויט — וועלען די פויגעלעך זינגען און לאכען פון דעם נאר...

---

ארויסגעהן פון דער קאזינא איז לייכט, בעזונדערס מיט לעדיגע קעשענעס, אבער דער אריינטריט נעהט צו מיט גרויסע צערעמאניעס. דורך א געראמען פאר־צימער זיינען מיר אריין אין א ביורא וואו עס זיינען געזעסען א צעהנדליג שרייבערס וואס זייער עבודה איז אויס־

צופרעגען די בעזוכערס זייער נאמען, זייער אדרעס, זייער בעשעפטיגונג, ווי לאנג זיי האבען בדעה צו בלייבען אין מאנאקא, א. א. וו. דאס אלץ ווערט פערשריבען אין א בוך.

נאך דעם ווי מע האט די אלע זאכען אויסגעפרעגט ביי אונז, האט מען אויסגעביטען די צעטלעך וואס מיר האבען געהאט, אויף בילעטען.

ענדליך זיינען מיר געשטאנען ביי דעם שוועל פון דעם „קדשי קדשים".

א שווייצאר האט צוגענומען אונזערע בילעטען און האט פאר אונז העפליך אויפגעעפענט די טהיר און אונז אריינגעלאזען.

די זאאלען זיינען געווען הויכע, גרויסע און האלב־דונקעלע אזוי ווי א קאטעדראל. די גרינע, לאנגע טישען האבען זיך ווי גארניט אנגעזעהן אין זיי.

עס זיינען געווען א סך מענשען ארום די טישען און דאך האט מען קוים געהערט א קול. אין אלע ווינקלען האט געהערשט א פייערליכקייט אזוי ווי צו א גאטעס־דיענסט.

האט זיך געדאכט איטליכע מינוט אז אט ועלען מיט אמאל זיך ארויסקייקלען טיעפע טענער פון אן ארגעל...

---

אין דעם ערשטען זאאל זיינען געשטאנען די „ביליּ־נערע" טישען, וואו דער קאן איז פון פינף פראנק ביז זעקס־טויזענד.

אויף איין זי־ט פון יעדער טיש, אין סאמע מיטען, נעבען דעם רולעט־רעדעל, איז געזעסען דער קרופיע אדער

אנפיהרער פון דעם שפיעל. אויף יעדער זייט האָט ער געהאַט אַ מיטהעלפער. אנטקעגען איהם אויף דער אַנדער זייט טיש זיינען געזעסען צוויי אַנדערע מיטהעלפער. איט־ליכער פון דידאָזיגע מיטהעלפער האָט געהאַט פאַר זיך אַ גרויסען הויפען מיט געלד, און זיין עובדא איז געווען צו־נעהמען די פערשפיעלטע געלטען און אויסצאָהלען די גע־וואונענע. ביי איטליכען עק טיש איז געזעסען אַ מאַן וואָס האָט אויפגעפּאַסט אויף דעם שפּיעל.

אַרום די טישען זיצענדיג, אָדער שטעהענדיג הינטער די שטוהלען פון די וואָס זיצען, זיינען געווען די שפּילערס.

די געזיכטער זיינען געווען ערנסט, די שטערנס גע־קנייטשט, און די אויגען אָנגעשטרענגט און צוגעקניפּט צו דעם קליינעם רולעט־רעדעל. קיינער האָט ניט גערעדט אַ וואָרט, אויסער דער קרופּיע:

— פּעט וואַ זשע, מעסיע ! (שפּיעלט, מיינע העררען !)

די שטים איז געווען נידריג און פייערליך, דערביי איז זיין פּנים געווען אָהן אַ שום אויסדרוק...

דער כהן גדול פון דעם מורא'דיגען און'ברחמנות'דיר־גען גאָט וואָס מע רופט איהם „שאַנס"...

די הויכע קופּקעלעך פון זילבערנע פינף־פראַנק שטי־קער וואָס זיינען געשטאַנען נעבען די שפּיעלערס, זיינען צושמאָלצען געוואָרען ווי שנעע. דאָס געלד איז אוועקגע־נומען געוואָרען מיט אַזעלכע קליינע הילצערנע לאָפּעט־קעלעך וואָס האָבען געשאַרט און געגראַבעלט אויף דעם גרינעם טוך ווי נעגעל פון אַ וואַמפּיר...

די געווינסען זיינען געווען זעלטען...

— פעס ווא זשע, מעסיע! — א ווארף מיט דעם קליינעם קייקעלע אין דעם רולעט־שיסעלע, און הערצער צימערען, אויגען קריכען ארויס פון די לעבער און הענד כאפען זיך קראמפפהאפט אן דעם טיש...

פערשפיעלט...

די נענעל שטרעקען זיך אויס און גראבלען צונויף די זילבער־שטיקער... דער טיש איז לעדיג און דער אומ־ברחמנות׳דיגער גאט וואס מע רופט איהם „שאנס", ווער׳ט אונגעדולדיג און די שטים רופט ווידער:

— פעס ווא זשע, מעסיע!

---

מיין בליק האבען צוגעצויגען צוויי פערזאנען, וואס זיינען געזעסען איינע נעבען דער אנדערער, הגם זיי האבען קענטיג קיין שום שייכות ניט געהאט מיטאייגאנדער.

איינע איז געווען אן אלטע פרוי מיט זילבער־ווייסע האאר. דער קערפער איז געווען איינגעשרומפפט פון זקנה, דער פנים צוקנייטשטער פארמעט, נאר די אויגען האבען געברענט — געברענט און געקוקט באלד אויף דעם רולעט־שיסעלע און באלד אויף דעם קליינעם קוימענדעל פון זילבערנע פינף־פראנק שטיקער, וואס איז געווען אויפגעשטעלט פאר איהר אויפ׳ן טיש. געווען ניכר, אז זי איז דא אן אלטע תושב׳טע...

די צווייטע איז געווען א מיידעל פון א יאהר צוואנציג. דער פנים איז געווען פריש און פריהלינג׳דיג, די גליעדער זיינען געווען אנגעזעפטיגט מיט יוגענדליכער

ליידענשאפטליכקייט און די אויגען האבען געברענט — געברענט און געקוקט דא אויף דעם רולעט־שיסעלע און דא אויף דעם קוימענדעל פון זילבער, וואס איז געשטאנען נע־בען איהר. אריבערשפארענדיג זיך איבער'ן טיש האט איהר פולע ברוסט שיער ניט אנגעריהרט די קאלטע מטבעות...

ביידע אויפ'ן שוועל פון לעבען... איינע מיט איין פוס ארויס, און די צווייטע מיט דער מאמע'ס מילך נאך אין איהרע באקען. אבער ביידע טריי צו דעם דיענסט פון דעם שרעקליכען גאט...

ערגעץ וואו אין א ווייטען דארף האבען פויערים גע־אקערט און געזעעט און געשניטען, און דער שוויס איז פון זייערע שטערענס גערונען, און זיי האבען מיט גראבע פערהארטעוועטע הענד די זאנגען געזאמעלט, און אין גאר־בען געבונדען, און גאט'ס גאב אויף גרויסע וואגען געפיהרט אין די שייערען... און דערביי האבען זיי הילכיגע שעהנע ליעדער געזונגען צו דעם וואס גיט רעגען און מאכט רייף די זאנגען...

זיינען די גארבען מגולגל געווארען אין רובעלס און טאלערס און קראנען, און די רובעלס און טאלערס און קרא־נען זיינען מגולגל געווארען אין פראנקען — אין זילבערנע פינף־פראנק שטיקער.

— פעט ווא זשע, מעסיע ! — אווארף מיט'ן קייר־קעלע אין דעם רולעט־שיסעלע — און דער גלגול פון די שעהנע גילדערנע זאנגען ליעגט אין די קאלטע הילצערנע נענעל...

איך האָב ארויסגענומען אַ פינף־פראַנק שטיק. אַ גלגול פון וואָס ? אפשר פון אַ שעהנעם געדאַנקען גע־באָרען אין אַ פערל־מוטערנעם בין־השמשות ?...

איך האָב זיך אַריבערגעבויגען איבער דעם שפּיעלער הינטער וועלכען איך בין געשטאַנען, און האָב אַוועקגע־לעגט מיין מינץ אין איינעם פון די אויסגעמאָלטע קעסטע־לעך אויפ׳ן טיש. אין נעקסטען מאָמענט איז זי אין שכנות מיט אַ סך אַנדערע געווען אויפ׳ן וועג צום קרופּיע...

האָב איך אויך דעם טעם פערזוכט...

איך בין אַריין אין אַ צווייטען זאַאַל וואו דער קאַן איז פון צוואַנציג פראַנק ביז צוועלף טויזענד. קיין זילבער־געלד איז אויפ׳ן טיש ניט געווען. לויטער בלאַנקער גאָלד. די געזיכטער זיינען געווען נאָך פייערליכער, ערנסטער און פערטיעפטער... דער קלונג פון די גלאַנציגע לואי־ד׳אָרס איז פערשטיקט געוואָרען פון דעם שאַרען פון די לאָפּעט־קעלעך איבער׳ן טוך, און עס איז ארויסגעקומען אַ מין דומפּער מרה־שחורה׳דיגער קלאַנג...

די טישען זיינען געווען בעזעצט מיט אַ גרויסען עולם. אָבער איטליכער איז געווען פערנומען מיט זיינע אייגע־נע געדאַנקען, ריכטיגער, מיט דעם איינציגען געדאַנקען פון געווינען און פערשפּיעלען...

געווען שעהנע, אַנציהענדע פרויען, און פיין־געבויטע מענער, געווען פראַנטען און קאָקעטקעס, אָבער קיינע האָט ניט קאָקעטירט און קיינער האָט ניט געטריבען קיין פלירט.

דער מאָמענט איז געווען היילינג צו דעם אומ׳־ברחמנות׳דיגען גאָט, וואָס מען רופט איהם שאַנס...

— פעמ ווא זשע מעסיע! פעמ ווא זשע מעסיע!

---

א שווער געפיהל האמ מיך מימ אמאל בעדריקמ. מיר איז געווארען ענג אין דעם גרויסען האלב־דונקעלען זאאל, און איך האב זיך געאיילמ ארויסצוגעהן.

ב. האמ נימ אנדערש געוואלמ איך זאל מימ איהם צופאהרען קיין ניצא וואס איז סך הכל א שמונדע און א האלב רייזע פון מאנמע קארלא. איך האב זיך אפגעזאגמ און בין אוועק צוריק צו דער שיף.

און שמעהענדיג ביים געלענדער פון דער שיף און קוקענדיג אויף דעם שעהנעם פער׳חלומ׳מען וואסער, האב איך נאך אלץ געהערמ:

— פעמ ווא זשע, מעסיע! פעמ ווא זשע, מעסיע!

# XI.

# נאַפּאָלי

האָט איטליכער פון זיי געקוסט די ערד,
און פרייד האָט פון די אויגען זיי געטרעהרט:
„ליעבהאַרציג לאַנד, מיר קעהרען אום צוריק,
„ווערסט אונזער קבר זיין ווי אונזער וויעג...״

---

האָט מיך פערקלעמט אַ שטילער שאַרפער וועה...
די אָרעמע, פערגונען האָב איך זיי
דאָס גליק פון ווידערקעהר, דאָך ערגעץ וואו
געעגבערט האָט עס אין דער ברוסט: און דו?..

---

פאַרנאַכט האָט די „לאַקאָניא״ אויפגעהויבען איהר אנקער, געוואָרפען אַ לעצטען פערליעבטען קוק אויף דעם „קאָט ד'אַזיר״ — דעם ברעג פון בלאָקייט — ווי די פראַנ־צויזען רופען די שעהנע ריוויערא — און זיך ווידער אַוועק־געלאָזט אויף דער וואַנדער.

איבער די גלאַטע, גלאַנציגע וואַסערען האָט זיך אויס־געשפּרייט אַ טוך פון גאָלד, די הימלען אין מערב זיינען געוועזען אַנגעגליהט און די זון איז געהאַנגען ווי אַ גרויסע שעהנע פרוכט גרייט אַראָבצופאַלען אין דעם שוים פון ים.

ארום דער שיף זיינען פישען ארויסגעשפרונגען פון אונטער דעם גאלדענעם טוך. זיי האבען זיך אויפגעהויבען הויך אין דער לופט, און זיינען מיט די קעפ אראפ צוריק אריינגעשפרונגען אין וואסער.

אויבען האבען אונז פון אלע זייטען ארויסבעגלייט די ים־פויגלען...

---

ביים עסען זיינען אסך טישלעך געווען ליידיג. די צאהל פון אונזערע פאסאזשירען איז שטארק פערמינדערט געווארען. טייל זיינען פערבליבען אין מאנטע קארלא פרובירען זייער אמעריקאנישען מזל, און מעהר נאך זיינען מיט דער באהן אפגעפאהרען אין פערשיעדענע טיילען פון איטאליען.

עס איז געווארען אומעדיגלעך. איך האב דאכט זיך די מענשען ניט געקענט, און קיין צו גרויסע ליעבשאפט האב איך צו זיי אויך ניט געהאט. פון דעסטוועגען האבען זיי מיר געפעהלט. איך בין צו זיי צוגעוועהנט געווארען.

ווער ווייס ? אפשר ווען איך פאהר מיט זיי אזוי א יאהר נאכאנאנד, וואלטען מיר סוף־כל־סוף דאך געווארען אינטים גענוג זיך צו זאגען איינער דעם אנדערען „גוט־מארגען".

א שאד וואס אזוי שנעל זיך צושיידט...

---

אין נעאפעל וועלען מיר נאך מעהר פון אונזערע פאסאזשירען פערלירען.

דער עולם איז שוין בעצייטענס זעהר פערנומען.

מע זיצט זאַלבע צווייט און זאַלבע דריט אין די ווינקלען, מע רעדט שטיל און מע איז זיך מישב. אנדערע זיצען ביחידות און שרייבען אויף א שטיקעל פּאַפּיער. שרייבען און מעקען. דערבײַ ציהען זיך די ברעמען צו־נויף, די שטערענס ווײַנען געראנצעלט און די פּנים׳ער זײַ־נען פול מיט געהיימניס.

דאַס חשבונ׳ט מען די „טיפּס״ וואָס מע דאַרף גע־בען צו די שיף־בעדיענטע. עס איז ברוך השם דאָ א גאַנצע ליסט פון זיי, אַנהויבענדיג פון דעם אויבער־סטיר־ארד מיט די גילדערנע גאַליינדלעך אויף די ארבעל און דעם שמן־זית׳דיגען שמייכעל אויף די ליפּען, ביז דעם רואה־ואינו־נראה׳דיגען „בוטס״. וואָס דאָס מיינט שטיוועל־פּוצער בלע״ז.

מביש זײַן טאָר מען קיינעם ניט. איבריגענס ווערט עמיצער פון די פּאַסאַזשירען לײַדען אויף שכחה, ווערט איהם דער געקראַנקטער בעל־דבר דערמאַנען, וואָרום די קונאַרד געזעלשאַפט האָט א טבע צו שפּאָרען וואו זי קען און דינגט זי אָן אַנגעשטעלטען, רעכענט זי איהם אַרײַן שוין פּאַראויס אין נדן דאָס וואָס גוט־האַרציגע פּאַסאַ־זשירען וועלען געבען...

דער גרעסטער רחמנות איז אויף די פּאַסאַזשירען וואָס פאָהרען צום ערשטען מאָל. ניט ווייט פון מיר זיצען צוויי רײַך־געקליידעטע עלטערע אַמעריקאַנער. לויט מײַן חכמת הפּרצוף איז איינער פון זיי א באַנקיער אין מאָנטאַנאַ און דער צווייטער א לאַמבער־דיעלער (האָלצהענדלער) פון מיר־

שינאָן. אויף דער שיף זיינען זיי געוואָרען גרויסע מקורבים.

זיצען זיי איצט מיט גרויסע האוואַנאַ־ציגאַרען אין מויל, בלאָזען בלאָע רינגעלעך און קענען זיך קיין עצה נים געפינען.

פרענגען איז עפּעס נים שעהן...

---

ב... פּאַקט זיך שוין אויך.

ער פאָהרט אויך נאָר ביז נעאַפּעל. דאָס וואַרפט אויף מיר אַן אַן אמת'ע מרה שחורה...

מיך פערדריסט צייטענווייז פאַר וואָס עס איז נים געווען מעגליך צו פאָהרען קיין ארץ ישראל דירעקט פון ניו יאָרק, זיך נים אָפּשטעלענדיג אין ערגעץ.

פאַר די לעצטע זיבען טעג האָלט איך אין איין טריי־קען פון דעם בעכער פון שעהנהייט און ווי זיס דער טראַנק זאָל נים זיין, און ווי שטאַרק דער גענוס זאָל נים זיין, ציהט דאָס הארץ די גאַנצע צייט ערגעץ אַנדערסוואו. אַט די אַלע מאַלערישע לענדער וואָלטען מיך אין אַן אַנדער צייט און אין אַן אַנדער געמיטה, צעהן מאָל מעהר ענט־ציקט און פער'שיכור'ט.

אָט די אַלע שטעדט און מענשען — זאָג איך צו זיך — זיינען פון אַ וועלט וואָס איך וויל פון זיך אָפּטרייסלען, פון וועלכער איך וויל זיך בעפרייען...

מ י י נ ע שעהנקייטען וועלען זיין ד אָ רט ע ן, ־יי די בערג פון יהודה... זיי וועלען ריידען צו מיר אין

א לשון וואָס קיינער פון די מענשען וואָס איך זעה אין אַט־די אַלע שטעדט, קען ניט פערשטעהן. דאָס איז מיין געהיימשפּראַך... דאָס איז דער סוד וואָס מיר האָבען צווי־שען זיך, איך און דאָס לאַנד פון מיינע חלומות...

---

שטונדען־לאַנג שטעה איך און קוק אויף די איטאַליע־נער אונטען אויפ׳ן צווישענדעק, און איך בין זיי מקנא.

ביי זיי איז איצט ערב יום־טוב. אַלע לוסטיג. מע זינגט און מע טאַנצט, מע ראַנגעלט זיך און מע שטויסט זיך און מע פּאַטשט זיך פאַר שמחה און מע ווייס ניט וואָס מיט זיך צו טהאָן פאַר אויפגעראַמטקייט און אומגע־דולדיגקייט.

די נאַזלעכער שפּירען אין ווינד דעם ריח פון דער נאָהנטער היימישער ערד און די אויגען צינדען זיך אָן און רוקענס אויסגעבויגען פון שיך פּוצען, גלייכען זיך אויס, און די פּיס פון אַלטע לייט ווערען גרינג ווי ביי אַ אינגעל...

דער פערקריפּעלטער „נעאַפּאַליטאַנעזע" פון די אַפּגע־ריסענע לאַצאַראָני וועט קלינגען אין די אויערען פון די צוריקקעהרענדע, ווי קלאַסישע מוזיק. און די שמאַלע פּעס־טינע גאַסען בעהאַנגען מיט צוריסענע וועש און מאַקאַראָני וואָס טריקענען זיך אין דער זון, וועלען האָבען אין זייערע אויגען אַ גרעסערן חן ווי אַלע ניו יאָרקער און שיקאַגאָ׳ער בולווארען...

נאָהענט פון אַ פערטעל מיליאָן מענשען אין נעאַפּעל לעבען פון האַנד צו מויל, און ביז ניט לאַנג צוריק, פּלעגען

יעדען טאג אין א דורכשנים שטארבען פון פיער ביז פינף מענשען פון הונגער...

געהט מען אוועק איבער ימים אין א פרעמד לאנד, וואו מע קען עסען צו זאט און וואו מע קען פערדיענען גענוג צו טראגען א גאנצען בגד אויפ'ן לייב און אז גאט גיט, אנ־זאמלען א שטיקעל פערמעגען. לויפען די יאהרען אריבער, און די בענקענים פערציהט א שלייער איבער דער נויט און דעם הונגער וואס מע האט אמאל געליטען, און דער שלייער ווערט אלץ דיקער און דיקער און די ארעמע היימישע גאס ציהט און ציהט...

א שלאנג שטעקט מיט אמאל ארויס איהר גרינעם קאפ און צורייסט אלע מיינע מחשבות:

**וויפיעל היימען האב איך?...**

---

און אט זיינען מיר אין דעם גאלף פון נעאפעל.

דער גאנצער צווישענדעק הענגט זיך אויף די פאַ־רענטשעס און פון הונדערטער העלזער מיט אמאל רייסט זיך ארויס:

— נאפאלי!

רויטע פאטשיילקעס קריכען ארויס פון די קעשענעס און ווישען פערנעבעלטע אויגען. פרויען הויבען קליינע אמעריקאנער אין דער הויך:

— נאפאלי! וואו דיין מאמע איז געבוירען...

---

די שיף האט זיך אפגעשטעלט אין פארט ארום פיער אזייגער נאכמיטאג, נאר צוליעב א טויטענפאל אויפ'ן צווי־

שענרעק האט מען די פאסאזשירען ניט ערלויבט ארונטער־
צוגעהן ביז די פארט־בעאמטע וועלען ניט אויסגעפינען
אז די קראנקהייט איז ניט קיין אנשטעקענדיגע. דאס האט
גענומען ביז שפעט ביינאכט.

דערווייל האבען מיר געכאפט פון דער ווייט א קוק
אויף דער שעהנער שטאדט. פאראן א ווערטעל:
"Vedi Napoli e poi muori" (זעה נעאפעל און
שטארב). אבער איך מוז זיך מודה זיין, אז ניט איך און
ניט קיינער פון די פאסאזשירען האט ארויסגעוויזען דעם
מינדסטען סימן פון ברעה האבען צו שטארבען.

---

איך האב די אויגען אויסגעקוקט אויף דעם וועזוביוס
און האב ערווארט צו זעהן דעם זייל רויך וואס זעצט פון
זיין קראטער טאג טאג נאכט, אבער אזוי ווי אויף
צו להכעיס איז דער וואולקאנישער בארג געווען פערצוי־
גען מיט א דיקען טומאן, די גאנצע צייט וואס מיר זיינען
געשטאנען אין נעאפעל.

אימעצער האט מיר אפילו יא אנגעוויזען מיט'ן פינ־
גער אויף אן ארט אין דעם טומאן און געזאגט אז דאס איז
ער, דער וועזוביוס הייסט עס. איך אליין האב אבער
לחלוטין גארנישט געזעהן. ווען ניט מיין שטארקע אמונה
אין וואס אנדערע זאגען, בעזונדערס ווען עס האנדעלט זיך
וועגען אזעלכע גלייכגילטיגע זאכען ווי געאגראפיע —
וואלט איך אפשר געקראגען א חשד אז די גאנצע מעשה
פון פייערשפייענים און קראטערס איז בלויז אויסגעטראכט
פון פינגער, כדי צו־צוציהען די טוריסטען...

## XII.

# „מאַנטשיאַ"

דער שטן האָט געזאָגט צו זיי: —
„ניטאָ קיין קעלט ניטאָ קיין שנעע,
„זייט פויל..."
און זעה, ווי ס'לאָכט דער הונגער שעהן,
מיט ווייסע און געזונדע ציינער
אין מויל...

---

מיר זיינען ארונטער פון דער שיף צוזאמען מיט ב...
כדי איהם צו העלפען ביי דער אבפּאָרטיגונג פון זיין באַ־
גאַזש.

מיר זיינען אריין אין דער דואן, וואו מיר האָבען אַהן
שוועריגקייט און אַהן לאַנגע שהיות — הלואי אויף ניו
יאָרקער קאַסטאָם־הויז געזאָגט געוואָרען — ארויסגעקריגען
ב...'ס קופערטען און טשעמאָדאַנעס.

פון אַ האַלב־דוצען טרעגער וואָס האָבען זיך אָנגעבאָ־
טען איז דער גודל געפאַלען אויף איינעם אַ נידעריגען מיט
דיקע שווארצע וואָנצעס און מיט נאָך שווארצערע, ביסטרע
אויגען. דער אָפּמאַך איז געווען ער זאָל ברענגען אַ דראָזש־
קע, ארויפלעגען אויף איהר דאָס געפּעק, קריגען בעצאַהלט

און זיך געזעגנט מיט מיין ווייב און קינד. מיר צוזאמען מיט'ן געפעק האבען געזאלט צופאהרען צו דער „סטאציאנע טשענטראלע", וואו די באגאזש האט געזאלט אפגעשיקט ווערען קיין רוים.

אבער איידער מיר האבען זיך נאך ארומגעזעהן האט דער טרעגער צוזאמען מיט זיינעם א מיטהעלפער, ארויפגעווארפען די זאכען אויף א שטוים-וועגעלע און טוז; אוועק דורך א פינסטערער גאס...

מיר האבען אפגעהאלטען א שנעלע קריעג-בעראטונג און האבען זיך צוטיילט אין צוויי מחנות.

איין מחנה וואס איז בעשטאנען פון ב... האט זיך אוועקגעלאזט אויף א נעיעג נאך די וואלד-גזלנים מיט דעם שטוים-וועגעלע. און א צווייטע מחנה מיט מיר בראש, האט גענומען א טאקסאמעטער-דראזשקע און איז געפאהרען צום וואגזאל כדי דעם שונא אפצוואווארטען ביי זיין אנקומען, אויב ער וועט איבערהויפט אנקומען.

איך האב זיך דערמאנט אן די דיקע שווארצע וואנצעס און האב שוין בעצייטענס אנגעהויבען צוזאמענשטעלען די טרייסט-רעדע מיט וועלכער איך וועל זוכען צו בערוהיגען ב... אויף דעם פערלוסט פון זיינע זאכען.

---

נים קוקענדיג אויף דעם וואס די נסיעה צום וואגזאל האט סך הכל גענומען פינף מינוטען, האט דער דראזשקאר פערלאנגט פינף לירעס. איך האב זיך איינגעבויגען צו לייענען דעם טאקסאמעטער, אבער איידער איך האב נאך בעוויזען א קוק צו טהאן אויף דעם ציפערבלאט, האט ער

א דרעה געטהאן דאס הענדטעל און געבראכט דעם ווייזער אויף נול. ווי איך האב שפעטער אויסגעפונען, האט די סומע ניט געקענט זיין מעהר ווי א לירע.

איך האב איהם בעצאהלט זיין פרייז און בין אריין אין וואגזאל, וועלכער איז געווען טונקעל און כמעט אין גאנ־צען ליידיג.

איך האב געווארט מיט אונגעדולד. איך האב זיך אנגעהויבען בעאונרוהיגען מיט אן אמת ניט אזוי וועגען דעם באגאזש ווי וועגען ב... אליין. דורכ'ן געדאנקען זייי־נען דורכגעפלויגען בילדער פון דער „שווארצער האנד" און פון דער „מאפיא"...

נאך א ווארטענים פון צוואנציג מינוטען וואס האבען זיך מיר אויסגעדראכט ווי א גאנצע אכטאג, איז דער קאַ־ראוואן אנגעקומען. פאראוים איז געגאנגען דער נידע־ריגער מיט די שווארצע וואנצעס און מיט די ביסטרע אוי־גען. הינטער איהם זיין שותף מיט'ן שטוים־וועגעלע און סאמע צו לעצט האט זיך בעוויזען ב... א רויטער, א פער־שוויצטער, אהן אן אטהעם.

נאכדעם ווי מיר האבען אלע איינשטימיג געפאסט א רעזאלוציע אז נעאפעל איז א צווייטע סדום און איז ניט ווערטה וואס זי שטעהט אויף דער לאנד־קארטע, האבען מיר זיך גענומען צום עיקר — זיך דינגען מיט'ן טרעגער.

זיין מקח איז געווען צעהן לירעס, און זיין מינע האט אונז געגעבען צו פערשטעהן, אז דאס האט ער בלויז איינ־זעהעניש מיט אונז. אן אנדערען וואלט ער גערעכענט מעהר.

איז מיט אמאל אויסגעוואקסען א יונגערמאנטשיקעל מיט א שטעקעלע אין דער האנד און מיט פערדרעהטע וואנ־צעלעך, און האט מיר איינגעשושקעט אין אויער, אז ער איז מיר א גוטער פריינד און אויב איך וויל פאלגען זיין עצה טובה, זאל איך דעם טרעגער מעהר ניט געבען ווי זעקס לירעס. מיר האבען איהם געפאלגט, און ניט קוקענ־דיג אויף דעם טרעגער'ס ליארעמדיגע טענות, איז אונזער הארץ געוועזן קיזעלשטיין.

זעקס לירעס, נים א טשענטעסימא מעהר.

צוגענומען די זעקס לירעס — בלייבט דער איינגע־טימער פון די דיקע וואנצעס שטעהן און ווארט. האב איך לכתחלה געמיינט אז דאס וויל ער אפנעהמען ביי מיר א גערוס פון זיין שוואגער אין מאלבערי סטריט, לאזט זיך אוים אז מיר האבען פערגעסען די „מאנטשיא" (אין־יד־אריין). געגעבען איהם „מאנטשיא", קומט מיט אמאל אויף דער סצענע דער שטויסער פונ'ם וועגעלע און דער־מאנט אונז אז ער וואוינט אויך אין נעאפעל... אריינגע־רוקט איהם אויך זיין מטבע און זיך שעהן צוזעגענט מיט ביידע שותפים — רוקט זיך אונטער דער יונגערמאנ־טשיקעל מיט'ן שטעקעלע און גיט אונז צו פערשטעהן אויף א פיינעם שמייכלענדיגען אופן, אז עס איז קענען זיין מטבע צו געבען עצות אומזיסט.

---

אז מיר האבען זיך פאנאנדערגעצאהלט מיט אלעמען, האט זיך ערשט אנגעהויבען א נייע צרה.

עס האט זיך ארויסגעשטעלט נאך א שטרענגער מי־

קראָסקאָפּישער אונטערזוכונג מצד דעם מאַן וואָס איז ממונה אויף באַגאַזש, אַז איינער פון די טשעמאָדאַנעס האָט אַ דין־דין שפּעלטעלע. איז לויט די רעגלאַמענטען פון דער באַהן־געזעלשאַפט אַזאַ מין טשעמאָדאַן אַ מוחרם ומנודה און קען צווישען אַנשטענדיגע באַגאַזש ניט אָנגענומען ווערען.

— איז וואָס דאַרף מען טהאָן?

— מע דאַרף אַ פּלאָמבע. — די בעמערקונג איז געקומען פון דעם בעל־יועץ מיט'ן שטעקעלע וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון אונז און האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף אונז. אַזוי ווי אַ שטייגער הגר האָט געקוקט פון דער ווייטען אויף דעם קליינעם ישמעאל'ן נאָך דעם ווי זי האָט איהם איבערגעלאָזען אין מדבר... ער האָט געוואוסט פאָראויס אַז מיר וועלען איהם ווידער בעדאַרפען און האָט זיך געהאַלטען גרייט...

עס איז באַלד בעשאַפען געוואָרען אַ מאַן וואָס פערקויפט פּלאָמבעס. דער מקח פאַר אַ פּלאָמבע איז געוועזען אַ האַלבע לירע. אַזוי ווי מיר האָבען ניט געהאַט קיין קליין־געלט, האָבען מיר געגעבען אַ מטבע פון פינף לירעס און געבעטען רעשט. האָט ער אַרויסגענומען אַ חויפען קליינע מטבעות פון זיין הויזען קעשענע און האָט מיר אויסגעצעהלט פיער און אַ האַלב לירע. איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף די מטבעות און האָב דערזעהן אַז אַלע אַהן אויסנאַהם זיינען ענטוועדער געלעכערטע, אויסגעבויגענע אָדער אָפּגעריבענע.

איך האָב זיך דערמאָנט אַן דער וואָרנונג וואָס איך

האָב ערגעץ וואו געלעזען, אַז מע זאָל זיך היטען פון דעם געהויבענעם מנהג וואָס די נעאָפּאָליטאַנער האָבען אריינ־צורוקען אַ פרעמדען אַלערליי שלעכטע געלטען.

עס איז געוואָרען אַ ויכוח. א י ך האָב געטענה'ט, אַז איך בין ניט קיין זאַמלער פון צוקאַליעטשעטע מטבעות, און נעאָפּעל האָט געשריען אין איין קול, אַז איך מוז זיך לאָזען בעשווינדלען...

---

אָפּגעצאָהלט דעם מאַן פון די פּלאָמבעס, און מוסיף געווען די „מאַנטשיא" אָהן וועלכער ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט פערלאָזען אונזער אַנגענעהמע געזעלשאַפט, האָט דער בעל־השטעקעלע אונז געגעבען אַ וואונק, אַז מע זאָל למען השם ניט פערגעסען אָן דעם באַגאַזש־בעאַמטען, וואָס איז אויך אַ שטאַרקער אָנהענגער פון „מאַנטשיא".

די באַגאַזש איז ענדליך געווען בעזאָרגט און דער בעל־יועץ בעפרידיגט פון דעם ניי פאַר די לעצטע צוויי עצות. איך בין געווען טויט־מיעד.

ב... איז געבליבען איבער נאַכט אין נעאָפּעל. ערשט אויף מאָרגען האָט ער געזאָלט אָפּפאָהרען קיין רוים. מיר האָבען אָפּגעמאַכט אַז ער זאָל קומען אין דער פריה אויפ'ן שיף זיך געזעגענען מיט אונז.

---

אין דער פריה איז די „לאָקאָניא" געוואָרען בעלע־גערט פון אַלע זייטען מיט קליינע שיפלעך. אין די שיפ־לאַך זיינען געווען אַלערליי פעדלערס ; אייניגע האָבען געהאַט פערשיעדענע פרוכטען צו פערקויפען, אַנדערע זייי־

נען געקומען מיט גרויסע קערב בלומען, און אנדערע האָ־בען געבראַכט סאַוועניערס, קלייניגקייטען געמאַכט פון מויערקעפּלעך און פון פּישביין, סטאַטועטקעלעך א. א. וו.

איז מען אייניג געוואָרען וועגען דעם פּרייז, האָט דער פּעדלער אַריינגעלעגט די געקויפטע זאַכען אין א קליין קערבעל און האָט מיט א לאַנגען שטאַנג דערלאַנגט דאָס דאָזיגע קערבעל צו דעם קונה אויף דער שיף.

אין אייניגע שיפלעך זיינען געווען קאַמפּאַניעס פון שפּיעלערס און זינגערס. צווישען זיי האָבען זיך דורכגע־מישט פּרויענצימער. אויף איין שיפעל האָבען דריי יונגע, אָרעם־געקליידעטע זינגערס געזונגען א שמוציג גאַסען־ליעד און א יונגע פרויענצימער וואָס האָט נאָך געהאַט מעהר ווי א רעשט פון שעהנקייט, האָט זיי בעגלייט, צוטאַנצענדיג דערביי אויף א זעהר אונאַנשטענדיגען אופן.

די אַרונטערגעוואָרפענע מטבעות האָבען די שווימענ־דע קינסטלער אויפגעכאַפּט אין אן איבערגעקעהרטער רע־גענשירם...

עס זיינען אויך געווען, ווי אין מאַדערא, האַלב־נאַ־קעטע מענער און קינדער וואָס האָבען אויפגעקליבען אַרונ־טערגעוואָרפענע זילבער־שטיקער פון וואַסער.

אָבער ניט דאָס וואַסער איז געווען אַזוי דורכזיכטיג ווי דאָרט, ניט די שווימערס אַזוי געשיקט און ניט דער הינטערגרונד אַזוי ראָמאַנטיש.

---

אויפ'ן דאַק האָבען קליינע אינגלעך, אַנגעטהאָן אין

טראנטעם, געקוקט מיט גרויסע הונגעריגע אויגען אויף דער שיף...

איינער פון זיי, וואס זיין אליוועןפארבינער לייב האט זיך ארויסגעזעהן פון זיינע שמאטעס, האט געזוכט מיט אלע כחות צוציהען אונזערע בליקען. האט ער זיך אלע ווייל געשטעלט מיט'ן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף, דערביי האט זיך די נאקעטקייט פון זיין קליינעם דארען גוף נאך מעהר ארויסגעוויזען...

מיר האבען איהם צוגעווארפען א מטבע און די גרויסע הונגעריגע אויגען האבען אויפגעבליצט...

און ארום איז געווען א פלייצונג פון זתענשיין און פון אויבען אזא שעהנער בלאער הימעל...

---

איז טאקי דא א שייכות צווישען זתענשיין און ארעמקייט? איז דער מענש אזוי פיעל שעהנער און געהויבענער אויף וויפיעל די נאטור ארום איהם איז רויה און שטורעמדיג, און אזוי פיעל מיאוס'ער און שפל'ער אויף וויפיעל די נאטור ארום איהם איז גן־עדן'דיג?...

פיעל מאל האב איך זייענדיג אין אריענט זיך געשטעלט אט די פראגע.

---

איך האב זיך געזעגענט מיט ב... און האב ווידער פערזוכט א זעכציגטעל פון דעם טעם פון טויט.

אבער איך מוז זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינען צו קענען לעבען אויף זיך אליין...

פריהער שפעטער מוז מען מאכען א רונד־רייז ארום

דער אייגענער נשמה און אויסגעפינען ווי שטארק און ווי רייך מע איז, אדער ווי שוואך און ווי ארעם מע איז...

. . . . . . . . . . . . . .

---

פארנאכט איז די „לאקאניא" געווען אויפ'ן וועג צו איהר לעצטער סטאנציע — אלעקסאנדריא.

XIII.

# סצילאַ און כאַריבדיס

אין נעאַפּעל האָט זיך די „לאַקאָניא” כמעט אין גאַנ־צען אויסגעליידיגט פון איהרע פּאַסאַזשירען. אין דער ערשטער קלאַס איז בלויז פערבליבען אַ קליין הייפעל. דאָס זיינען געווען אַזעלכע וואָס זיינען געפאָהרען קיין עגיפּטען פאַר אַ לוסט־רייזע איבער'ן אויבערשטען ניל.

נאָך דעם קאָך און דעם טומעל וואָס זיינען פון פריה ביז שפּעט אָנגעגאַנגען אויף דער שיף פאַר די לעצטע צוויי וואָכען, איז מיט אַמאָל געוואָרען שטיל, רוהיג אַזוי ווי נאָך אַ חתונה. די סאַלאָנען זיינען געווען פּוסט, יונגוואַרג האָט אין גאַנצען געפעהלט. די וואָס זיינען פערבליבען זיינען געווען עלטערע מענשען אָדער ווייס־האָאָריגע זקנים.

אונטען, אין צווישענדעק, איז דער אומעט געווען נאָך גרעסער. ס'איז סך הכל געבליבען דער סיריאַנער מיט'ן רויטען פעץ.

זיין איינזאַמקייט האָט איהם קענטיג שטאַרק פּאַליר־בעט. ער האָט אַרומגעשפּאַצירט מיט גרויס רחבות, מעשה בעל־הבית, פון איין ווינקעל שיף צום צווייטען. די אי־טאַליענער האָבען איהם, ווייזט אויס, געשטערט. איצט אַז

ער איז פון זיי פּטור געוואָרען, האָט ער זיך גענומען פּיהלען היימישער, פרייער.

אחוץ דעם האָט ער געשפּירט אז ער איז ד ע ר צווישענדעק. צו פּריהשטיק אָדער וואַרעמעס, ווען דער מאַן מיט דער גלאָק איז ארויסגעקומען און האָט גערופען די פּ אַ ס אַ ז ש י ר ע ן געהן עסען, איז ער מיט לאַנג־זאַמע, געמאָסטענע טריט אריין אין עס־צימער. די גאַנצע קלינגעריי, האָט ער געוואוסט, איז נאָר פון ז י י ן כבוד וועגען.

---

מיר זיינען געווען אויף ביז שפּעט אין דער נאַכט כדי צו זעהן ווי די שיף וועט דורכגעהן דעם שמאָלען ים־האַלז פון מעסינאַ.

די ברייט פון דעם דורכגאַנג איז ערטערווייז ניט מעהר ווי דריי און אַ האַלב מייל. פון איין זייט איז דער ברעג פון איטאַליען און פון דער אַנדערער זיינען די אינז־לען פון סיציליען, און די שטאָדט וואָס איז אזוי שרעקליך חרוב געוואָרען אין דער ערד־ציטערניש פון 1908 — מע־סינאַ.

ביי טאָג, זאָגט מען, איז די אויסזיכט איינע פון די שעהנסטע אין דער וועלט. די ברעגעס פון ביידע זייטען שעמערירען פון גרינקייט און זיינען בעוואַקסען מיט אַלער־ליי פּאַלמען, און מילגרוים און אָראַנזש־בוימער.

עס איז איצט געווען שטאָק־פינסטער און אַלץ וואָס מיר האָבען געזעהן איז געווען אַ נעץ פון פייערלעך אויף איטליכער זייט פון דעם וואַסער.

---

לוים דער גריכישער לעגענדע, געפינען זיך דא די צוויי געפעהרליכע ים־פערזעהעניסען — **סצילא און כאַ־ריבדיס.**

סצילא איז אמאל, אין איהרע יונגע יאהרען, געווען א וואונדער־שעהנע וואסער־מיידעל. האט אמפיטריטע, די געטין פון דעם ים, און די ווייב פון דעם פינסטערען פאַ־סיידאָן, זיך מתקנא געווען אויף דער שעהנקייט פון דער נימפע און האט זי פערוואנדעלט אין א העסליכע ים־בריאה מיט צוועלף אומגעלומפערטע פיס, און מיט זעקס קעפ וואס זעהען אוים און האווקען הינטיש. זי ליעגט בעהאלטען אין א הייהל און ווען עס פאהרט פערביי א שיף, שטעקט זי ארוים די הינטישע קעפ און כאפט אראפ מאט־ראזען.

אנטקעגען איהר, אין א צווייטער הייהל, האט געלויערט כאריבדיס. זי איז אמאל געווען א מענש מיט מענ־שען גלייך, נאר וויל זי איז געווען א גרויסע פרעסערקע און האט גע'גנב'עט א סטאדע שעפסען פון הערקולעס'ן, האט דער גאט צעאוס, וואס איז געווען דער לינקער טאטע פון דעמדאזיגען הערקולעס'ן, זי פערוואנדעלט אין א פער־זעהענים וואס איז אויבען א פרויענצימער און אונטען א פיש, און איז ארומגעוואקסען מיט א גארטעל פון וועל־פישע קעפ. א זולל־וסובא'טע איז זי געבליבען אפילו נאך איהר גלגול און דריי מאל א טאג זופט זי אריין אין זיך די וואסערען פון ים און דריי מאל א טאג שפייט זי זיי אוים צוריק.

אז דער פיעל־אפגעקומענער אדיסעאוס האט זיך אומ־

געקעהרט פון טראיא און איהם איז אויסגעקומען דורכ־
צופאהרען צווישען די דאזיגע צוויי נ'יאוס'קייטען. האט
סצילא ארויסגעשטעקט איהרע הינטישע קעפ און האט
ארונטערגעכאפט זעקס פון זיינע העלדישע בעגלייטער.

---

דער טאג ציהט זיך לאנג ווי דער אידישער גלות. די
נסיעה האט ביי מיר דעם גאנצען חן פערלארען.

הונדערט מאל האב איך שוין געמאכט דיזעלביגע
הקפות ארום דער שיף, איך בין שוין אויסגעזעסען אויף
אלע בענק און אלע שטוהלען, שוין אריינגעקוקט אין איט־
ליכער ווינקעלע. איך ווייס אויפ'ן געזיכט איטליכען וואס
געפינט זיך אויף דער שיף, סאי פאסאזשירען סאי מאטרא־
זען, און זיי זיינען מיר אלע נמאס און מאוס געווארען.

קומט דער טרומייטערער ארויס אויסצושפיעלען זיין
טרויעריגען אויפרוף צום עסען, בעפאלט מיר א חשק מיט
געוואלט פון איהם ארויסצורייסען דעם טרומייטער און
אריינוווארפען אין ים.

. . . . . . . . . . . . . .

---

אונזער לעצטע נאכט אויף דער לאקאניא.

א שטילע לבנה־נאכט...

ווי ווייט דאס אויג האט געקענט גרייכען, האבען די
וועלען געצאפעלט אונטער א ווייסער שעמערירעדיגער
נעץ...

צוזאמען מים דער העלקיים האָט אראָפּגעגידערט אַ גרויסער פערשלאָסענער סוד...

איך און די שיף און אַלע מיינע חלומות וועגען פאָלק און לאַנד און די גאַנצע וועלט זיינען אַזוי ווי אין אַ מעל־שטראָם אריינגעזווינגען געוואָרען אין דעמדראָזיינגען סוד, און זיינען צוגאַנגען אין דער געהיימניספולער ווייסקייט וואָס האָט איינגעוויקעלט דעם ים פון הימעל־ראַנד צו הימעל־ראַנד...

איך האָב נים געטראַכט און נים געטרוימט פון קיין זאַך.

דער גאַנצער ליכטיגער ים־שטח האָט געפלייצט דורך מיר, האָט געטראַכט פאַר מיר און געטרוימט פאַר מיר. איך האָב ברייט די ברוסט אויפגעריסען:

— זאָל עס פלייצען...

XIV.

# צווישען פריינד

בעגינען דעם צעהנטען פעברואר, אין דעם יאהר ניינ־צעהן הונדערט און פערצעהן, צוואנציג טעג נאכדעם ווי איך האב צום לעצטען מאל געזעהן די „סטאטיו או ליבערטי״, איז די „לאקאניא״ ארייגעשוואומען אין דעם געראמען פאדער־פארט פון אלעקסאנדריא.

אזוי שנעל ווי די שיף האט בעפעסטיגט איהר אנקער, איז זי געווען ארומגערינגעלט פון א מחנה שיפלעך. אין די שיפלעך זיינען געווען פאקטארען פון האטעלס און טרריסטען־געזעלשאפטען, אראבישע טרעגערס און מענשען וואס זיינען געקומען אפנעהמען בעקאנטע.

ב... האט טעלעגראפירט פון נעאפעל צו הערר י... אז איך קום. איך האב י... קיין מאל ניט געזעהן. און גע־

וואוסט האָב איך פון איהם ניט קיין אַנדער סימן ווי אַז ער איז אַ פייערדיגער ציוניסט.

איך האָב ארונטערגעקוקט אויף די שיפלעך און גע־זוכט אַ ציוניסטיש געזיכט, אָבער איך האָב בשום אופן אַזאַ געזיכט ניט געקענט געפינען.

איך בין געוואָרען אומרוהיג. די פּאַסאַזשירען זיינען ביסלעכווייז צוגאַנגען און איך קוק אַהין און קוק אַהער און קלער: „מאין יבא עזרי״. מיט אַמאָל קומט־צו צו מיר אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר פינף־און־צוואַנציג, אַ הויכער, מיט אַ סימפּאַטישען פּנים, מיט שווארצע אמת־אידישע אויגען און מיט אַ נאָז נאָך אידישער, און טהוט מיך אַ פרעג בדרך פּראָבע:

— זיים איהר יהואַש?

— אָט ווי איהר זעהט...

טהוט דער יונגערמאַן אַ נעהם מיין האַנד און דריקט מאַקע גאָר אויפ׳ן עגיפּטישען שטייגער. זיין פּנים שטראַהלט, און איך זעה אַז ער פּ־עהט זיך מיט מיר ווי מיט אַן אבן־טוב.

איז ער הערר י...?

חלילה וחס, אַזאַ זאַך פּאַלט איהם גאָר ניט איין. זיין נאָמען איז פּ... זיין שוואָגער כ... פון ניו יאָרק האָט איהם געשריבען אַז איך קום און ער האָט מיך שוין מיט אונגע־דולד ערוואַרט.

און איידער וואָס־ווען וואַקסט אויס נעבען אונז אַ שעהנער בכבוד׳ער מאַן פון אַ יאָהר פינף־און־פערציג, מיט העלע האָאר און העלע אויגען און אַ העלען אַנצוג און בע־

גריסט מיך אזוי הארציג אזוי ווי ער וואלט געווארט אויף מיר פאר די לעצטע צעהן יאהר.

איז ער הערר י... ?

ניין. זיין נאמען איז ר... און אזוי ווי ער האט זיך דערוואוסט אז איך קום, האט ער זיך געאיילט מיך מקבל פנים צו זיין.

אבער אט קומט אויך י... א איד פון א יאהר פופציג מיט אומעטיגע, חבת־ציון׳דיגע אויגען, און שטעקט מיר אריין א ווארעמען שלום עליכם.

איינס־צוויי־דריי זיצען מיר שוין אין א קליינעם שיף וואס פיהרט אונז צו דער דואן, וואו מען דארף ערשט בודק זיין אונזערע זאכען.

דערווייל צורעדט מען זיך און איך געפין אויס, אז מיינע דריי נייע בעקאנטע שטעלען מיט זיך פאר צוויי פארטייען וואס זיינען „מתהארעטיש" איינע מיט דער אנ־דערער אויף שטעך־מעסערס, הגם אין לעבען איז מען זיך גאנץ גוטע פריינד.

פ... און ר... בילדען דעם ראדיקאלען פליגעל און י... דעם קאנסערוואטיווען.

בעזונדערס אינטערעסירט מיך ר... ער איז געבארען און אויפגעצויגען געווארען אין צפת און האט יונגערהייד גע׳חלום׳ט צו בעזעצען די אידען פון ארץ ישראל, אין אר־געגטינא. אבער ווייטער ווי אלעקסאנדריע איז ער ניט דערפאהרען. ער איז א פייערדינער אנארכיסט און א היי־סער חסיד פון דער „פרייע ארבייטער שטימע" פון ניו יארק, און האט ליעב ווי דאס לעבען די אידישע ליטעראַ־

טור. דרך אגב האָט ער אַ שעהן געשעפט פון שמוק־
זאַכען.

אויף אַזוי ווייט האָט ער ליעב די אידישע ליטעראַ־
טור, אַז ער האָט בעוואוויגען אַ געוויסען איטאַליענישען אי־
דישען שריפטשטעלער, אַ סיניאָר פּאַרפּאַראַ, ער זאָל מאַ־
כען איבערזעצונגען פון אידיש אין דעם לשון פון פּעט־
ראַרקאַ. אַי סיניאָר פּאַרפּאַראַ קען דאָך ניט אַ וואָרט פון
„העברעאַ־טעדעסקאַ", איז ר... ניט פויל און קנעלט מיט
איהם וואָרט פאַר וואָרט. אַזוי ווי די מעהרסטע אידען אין
אַלעקסאַנדריאַ קען ר... אַלע לשונות און אַ פּשיטאַ שוין
איטאַליעניש.

און גאָט'ס נסים ! איך האָב געזעהן די געדרוקטע
זאַמלונג פון די איבערזעצונגען און ווי ווייט איך קען אור־
טיילען זיינען זיי העכסט געלונגענע. פאַראַן אַן איטאַליע־
ניש ווערטעל : "Traditore Traduttore" — „אַן אי־
בערזעצער איז אַ פערעטהער". סיניאָר פּאַרפּאַראַ, ניט
קוקענדיג דאַרויף וואָס ער איז אַן איטאַליענער און ווייס
מסתמא פון דעם ווערטעל, איז דוקא געווען טריי צו דעם
טעקסט, אויב מען זאָל ניט רעכענען פאַר אַ חטא וואָס אין
פיעל פאַלען האָט ער איבערגעליידיגט שלעכטע אידיש אי״
גוטע איטאַליעניש.

מיט ר...'ן און מיט פּ...'ן בין איך פון דער ערשטער
מינוט זעהר נאָהנט געוואָרען. שפּעטער ווען דער גורל
האָט מיך ווידער געבראַכט אין אַלעקסאַנדריע. האָט זיך די
אויבערפלעכליכע בעקאַנטשאַפט צובליהט אין אמת'ער
פריינדשאַפט.

בעזונדערס בין איך צוגעבונדען געוואָרען צו פ...'ן, וועלכער איז איינער פון יענע מענשען אָהן שום פּרעטענ־זיעס און אָהן שום אָנשטעלען, וואָס איז אַ תענוג צו בעגע־גענען און אַז מע בעגעגענט זיי מוז מען זיי ליעב קריגען.

הערר י... איז אַ געוועזענער קאָלאָניסט פון „ראשון לציון", איינער פון די סאַמע ערשטע פּיאָנערען. הגם ער וואוינט שוין אין אַלעקסאַנדריען זייט יאָהרען, איז ער צו־געבונדען צו ארץ ישראל מיט לייב און זעעל. ער אַזוי ווי זיינע קינדער ריידען העברעאיש און זיין האָפנונג איז אַז פריהער־שפּעטער וועט ער זיך קענען אומקעהרען אין „ראשון לציון".

ער האָט זיך דערפרעהט מיט מיר, ווי אַ פרומער מאמין ווען ער דערזעהט אַ נייעם אָנהענגער פון זיין אמונה...

דיראָזיגע פרייד האָב איך דערנאָך געזעהן אויף אַ סך געזיכטער אין ארץ ישראל, און זי פלעגט מיך ריהרען ביז די טיעפעניסען פון דער נשמה.

---

מיינע נייע בעקאַנטע האָבען ניט אַנדערש געוואָלט איך זאָל בלייבען אין אַלעקסאַנדריא אַ פּאָאָר טעג, אָדער לכל הפחות איבער נאַכט.

אָבער איך האָב בעשלאָסען אָפּצופאָהרען נאָך דעמ־זעלביגען טאָג. מיין אומגעדולד אָנצוקומען צו מיין ציעל איז געוואַקסען פון מינוט.

האָבען זיי מיר דערצעהלט אַז מענדעל ביילים איז איצט אין אַלעקסאַנדריא און אַז ער איז אויפגענומען גע־

ווארען מיט גרויס פאראד, אי פון די אשכנזים אי פון די ספרדים. נאכמיטאג פאהרט ער אפ קיין יאפא.

אויב איך בעשטעה אפצורייזען היינט, וועט מיר אויס־קומען פאהרען מיט איהם צוזאמען.

# דער לעצטער שפּאַן

די ליפּען האָבען זיך געשלאָסען פעסט,
און טויזענד פויגלען האָבען אין דעם נעסט
פון הארצען, זיך געוואָרגען מיט אַ ליעד...
און אָנגעלאָדען שווער איז דאָס געמיטה
געוועזען, ווי אַ רייכער בוים וואָס שטעהט
בעלאָדען מיט זיין שפע — שטומערהייד...

ארום דריי אזיינער נאָכמיטאָג האָבען מיר זיך געזע־
גענט מיט אונזערע נייע בעקאַנטע און זיינען ארויף אויף
דער שיף „עלעקטרא".

אויב איך זאָג „שיף", איז דאָס נאָר פון מליצה וועגען. וואלט איך געוואלט זיין רעאליסטיש גענוי, וואלט
איך געזאָגט „מולטער". איך מוז זיך מודה זיין, אז יעדעס
מאָל וואָס איך לייען אז ערגעץ אַן עסטעררייכיש שיף איז
אונטערגעגאַנגען, טרייסט איך זיך שטילערהייד, מיט דער
האָפנונג, אז דאָס איז די „עלעקטרא".

איך האָב מיט יאָהרען צוריק געלייענט אַ רייזע־בע־
שרייבונג פון אַ בעריהמטען העברעאישען שריפטשטעלער.
דערצעהלט ער דאָרטען די שעהנע געדאַנקען וואָס זיינען
איהם איינגעפאַלען פאַהרענדיג אויף דער „עלעקטרא" פון
אַלעקסאַנדריא קיין יאַפאַ.

די גערדאַנקען זיינען באמת שעהנע. אָבער ארויפגע־ הענדיג אויף דער שיף האָב איך בשום אופן ניט גע־ קענט פערשטעהן ווי עס קענען מענשען קריכען אין זינען אזעלכע געדאַנקען פאַהרענדיג אויף דער „עלעקטרא“. מיר האָט זיך געדאכט, אז די איינציגע זאַך פון וואָס מע קען אויף דעמדאָזיגען אָקרענט טראַכטען, איז : ווי מען זאָל ניט אריבערפאַלען איבער די אָנקרייטיגע פאַרענטשעס אין וואַסער אריין.

די שיף איז געווען אַן אַלטע און אַ וואַקעלדיגע. דער דעק — אַ שמאָלער, קוים זיך אויסצודרעהען, די קאַיוטען קליין, ענג און טונקלע, אזוי ווי אומיסנע געמאַכט צו שטע־ לען אויף פּראָבע די וואָס פאַהרען קיין ארץ ישראל.

---

אַ גרויסער עולם, צווישען זיי דער ספרדישער חכם איז געקומען בעגלייטען ביילים׳ן. ביילים אַליין, אַ גרוי־ סער שווארץ־בערדיגער האַרעפּאַשנער איד, האָט קענטיג ניט קלאָר געוואוסט וואָס ער דאַרף טהאָן.

די אויגען זיינע זיינען געווען צושראָקען און אונ־ זיכער, אזוי ווי ער וואָלט זוכען אימעצען אַ בעקאַנטען פון דער ציגעלניע אָדער אזוי אַן איינגענעם מענשען וואָס ער זאָל איהם קענען ארויספאַלען אויף׳ן האַלז און זאָגען :

— וואָס ווייסטו, ברודערקע, וואָס זיי צומוטשען מיך...

ערשט אַז די שיף איז שוין געווען אַ שטיק וועג אָפּגע־ גאַנגען קיין פּארט־סאַאיד בין איך צוגעגאַנגען צו איהם און מיר האָבען זיך פאַנאַנדערגעשמועסט.

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן מיר ווי אָן אָן אַלטען בע־קאַנטען און ער האָט גענומען פאַר מיר אויסריידען דאָס האַרץ.

---

איידער איך בין אַפּגעפאָהרען פון אַמעריקא האָב איך זיך אַסך אָנגעהערט פון די שווערע געלטען וואָס זיינען צו־נויפגעזאַמעלט געוואָרען פאַר דעם אונגליקליכען עלילת־דם'ניק. אימעצער האָט מיר דערצעהלט, אַז די „דזשואיש קאָמיטע״ פון אַמעריקא האָט מיט איהר געוועהנליכער שרע־קעדיגקייט, מורא געקריגען אַז ביילים זאָל חס ושלום ניט אריינפאַלען אין די הענד פון אַ „מענעדזשער״ אין ניו יאָרק, און אונז פערשוואַרצען די אויגען... האָט זי בעצייי־טענס אָוועקגעשיקט אַ שלל מיט געלט, בתנאי ער זאָל נאָר געהן קיין ארץ ישראל.

לאָזט זיך אויס, אַז ביילים אַליין וויים לחלוטין פון די אַלע גליקען גאָרנישט צו זאָגען. דאָס איינציגע געלט, וואָס ער האָט, איז די פאַאר טויזענד רובעל וואָס ער האָט געקריגען פון דעם גוי'אישען וויליאַם ראַנדאָלף הוירסט, דעם אייגענטימער פון דער ענגלישער „איוונינג דזשאָיר־נאַל״, פאַר לאָזען דרוקען די מעשה ביילים אין זיין נאָמען.

איך בין בלויז אַ דרייצעהן־מיליאָנט חלק פון דעם כלל ישראל, אָבער איך האָב זיך געשעהמט מעהר ווי עס מאַכט אויס אויף מיין חלק, ווען ער האָט מיר דערצעהלט אַז ביז טריעסט האָט מען איהם געשיקט אין ד ר י ט ע ר קלאַס.

אַנקומענדיג אין טריעסט איז ער געוועזן טויט־הונגע־

ריג. אבער שטאט איהם מיט זיין פאמיליע צו בעזארגען מיט א מאהלצייט, האבען איהם די פני פון דער קהלה צו־גענומען מיט גרוים פאראד און איהם געפייניגט מיט אלערליי שבחים און גוטע ווערטער, ביז ער האט געמיינט אז ער וועט פאלען אונטער זייערע הענד.

אין אלעקסאנדריא האט מען איהם געקויפט בילעטען אין דער צווייטער קלאס. ביז אויף דער ערשטער האט די נדבנות ניט געקלעקט.

וויסענדיג גאנץ גוט פון אייגענער ערפאהרונג ווי צרה'דיג די קאבינען פון ערשטער קלאס זיינען אויף דער „עלעקטרא", האב איך אפגעלערענט מיט א קל וחומר ווי וואויל און בעקוועם די צווייטע איז.

ניט ווילענדיג האב איך א קלער געטהאן בשעת מעשה, וויפיעל אשטיינגער וואלטען די מענעדזשערם פון די אידי־שע טהעאטערען, אט דיזעלביגע פאר וועלכע די כלל־פער־זארגערין, די „דזשואיש קאמיטע", האט זיך אזוי געשראָ־קען — וויפיעל אשטייגער וואלטען זיי אצינד געגעבען צו האבען דעם הארעפאשנעם שווארצבערדיגען אידען אין סעקאנד עוועניו אדער האוסטאן סטריט...

---

אזוי ווי נאט האט מיך בעשערט מיט א קאמערא, איז ביי מיר נעבליבען, איך זאל קאליע מאכען א פאאר פילמס אויף דעם ארעמען ביילים'ן. ער האט זיך גערן אנגעבא־טען צו פאזירען פאר מיר און נאך זיין אוועקשטעל איז גע־ווען צו זעהן, אז ער איז שוין א „רגיל".

אויף דער „עלעקטרא" זיינען אויך געווען א רעכט

ביסעל קריסטען און אַלע האָבען זיך שטאַרק פּעראינטע־רעסירט מיט דעם אונשולדיגען קרבן פון דער שוואַרצער מאַה. פיעל זיינען צוגעקומען און האָבען גערעדט צו איהם.

די שפּראַך איז על פּי רוב געווען דייטש און ביילים פלעגט „אילעמען געבען אַן אַטוועט" אויף אַ מין דייטשען דיאַלעקט וואָס איז בעשטאַנען פון פינף־און־נײַנציג פּראָ־צענט רוסיש. די איבעריגע פינף פּראָצענט האָט ער דער־מאַכט מיט דער האַנד.

אָבער מאָדנע קלוגע גויים געווען. זיי האָבען אַלץ פערשטאַנען.

---

אויסער ביילים'ן זיינען געווען אַסך אַנדערע אידישע פּאַסאַזשירען. געווען אַ יונגער דאָקטאָר וואָס האָט גע־טראָגען אַ פּאָלערינע און האָט גערעדט רוסיש, אַ נידעריגער אידעל מיט רויטע האָאר און ברילען, וואָס האָט דערצעהלט די גאָלדענע גליקען וואָס אידען קענען מאַכען ווען מע לאָזט זיי וואוינען אין „טיעף ראָססיי", אַ יונגערמאַנטשיק האַלב־משכיל האַלב־חסיד וואָס איז געפאָהרען זעהן צי מע קען קויפען לאַנד, און אַ יונגע מיידעל און אַ יונגער בחור וואָס האָבען אַנגעפיהרט אַ וכוח וועגען אַמעריקאַ.

אחוץ דעם זיינען געווען, אין צווישענדעק, פיעל יונגע לייט וואָס זיינען געפאָהרען ארבייטען אין די קאָלאָניעס, און אַלטע אידען וואָס זיינען געפאָהרען אויסצולעבען זייערע לעצטע יאָהרען אין ירושלים.

---

**אויף מאָרגען אין דער פריה זיינען מיר אַנגעקומען**

ביי דעם שליסעל פון דעם וועד־קאַנאַל — אין פּאָרט סאַאיד, וואו מיר זיינען געשטאַנען דעם גאַנצען טאָג.

קענען אַבענד האָט די „עלעקטרא" ארויפגעצויגען איהר פערראָסטען אַנקער און איז אַפּגעפאָהרען קיין יאפא.

פון שלאָפען איז געווען אָפּגערעדט. איך האָב גע־וואוסט אז איך וועל אַן אויג נים צומאַכען און האָב בעשלאָ־סען צו בלייבען אויפ'ן דעק אַזוי שפּעט ווי מעגליך.

ביסלעכווייז זיינען אַלע אָרטמערגעגאנגען אין די קאַיוטען און איך בין געבליבען איינער אַליין.

ביים סאַמע ברעג פון הימעל פון צווישען צוויי שוואַר־צע וואָלקען האָט זיך אַרויסגערוקט אַ געלע לבנה אַזוי ווי אַ גייסט פון יענער וועלט... אַ ווײַלע איז זי פערשוואונ־דען און ווען זי איז ווידער אַרויס, איז זי געווען ווייס און האָט פּערגאָסען די וואַסערען מיט ליכט...

וויפיעל פּאָר מיר זיינען געפאָהרען דעמזעל־בינען וועג ?...

בין איך טאַקי בלויז אַ פּאָאַר שעה ווייט פון אַ ר ץ י ש ר א ל ? . . .

---

די שאַרפע מיטערנאַכט־לופט האָט מיך אַרונטערגע־טריבען אין אונזער קאַבין, האָב איך זיך צונעשפּאַרט און בין געלעגען און געקוקט דורך דער פּאָרטקע.

דער ערשטער גראָער שפּראַץ וועט זיין דער אָנהויב פון דעם ערשטען טאָג אין ארץ ישראל, דער אָנהויב פון אַ נייעם לעבען...

איך האָב געהערט ווי די וועלען וואַשען די ווענד פון

דער שיף און ווי די שטאפלען פון דעם רודער־ראד פליוש־
קען זיך אין וואסער...

לאנג האט זיך די נאכט געצויגען און ווען די ערשטע גראקייט האט זיך בעוויזען, בין איך אויפגעשפרונגען פון געלעגער און בין ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק.

איז געקומען אן ערשטער אנדייט פון דער וויים... דאן האבען זיך בעוויזען קלערער און קלערער די ברעגעס פון יאפא, און מיט דעם אויפגאנג פון דער זון האבען מיר דער־זעהן די געל־גראע פלאך־דאכיגע מויערען, ווי אנגעווארפען איינער איבער'ן אנדערן...

און אט דארט זיינען די ווייסע הייזער פון תל־אביב אזוי ווי פריש־אויסגעבאדענע...

---

די שיף האט זיך אפגעשטעלט.

פון אלע זייטען זיינען אונז בעפאלען שיפלער און די קולות פון די אראבער אין די שיפלער זיינען געווען מויב צו ווערען.

דאס זיינען געווען די באחאריעה, וואס האבען די פאסאזשירען געזאלט ברענגען פון דער „עלעקטרא" צו דעם ברעג.

אויב זיי האבען נים געשריען צו די פאסאזשירען, האבען זיי זיך איבערגעשריען איינער מיט'ן צווייטען און עס איז געווארען א מהומה און א געפילדער אזוי ווי ביי א שיף־אונטערגאנג.

א טייל פון די געשרייען זיינען לחלוטין נים געווען

נויטיג, נאר גלאט ווייל דאס איז שוין אזוי די טבע פון די אראבער צו שרייען.

דערזעלבינער אראבער וואס איז געווענליך אזוי קארג אין ריידען און קען אפזיצען שטונדען נאכאנאנד מיט צונעמאכטע ליפען, האט שטארק הנאה ווען איהם מאכט זיך א געלעגענהייט אויסצולופטערען זיינע לונגען.

יא מאחמוד ! יא סאאיד ! יא אלי ! מיט קולי קולות, הגם מאחמוד און סאאיד און אלי זיינען געווען גלייך אונטער דער האנד, און שושקענדיג וואלטען זיי אויך דער הערט.

---

אונז אפנעהמען פון שיף איז געקומען ה' גראזאווסקי פון דער אנגלא פאלעסטינא באנק, א הויכער א דארער, מיט אן אויסגעסטארטשעטען גרגרת, א שפיציג האלב־גראה בערדעל, און די גוטע שווארץ־גלאנציגע אויגען פון דעם אידישען פקח. ער האט זיך מיט אונז ארומגעכאפט אזוי ווי מיר וואלטען געווען אלטע פריינד און האט זיך תיכף גענומען עסק'ן ארום אונזער באגאזש, מיט דער פלינקקייט און ריהרעוודיגקייט פון א יונגען בחור'ל.

עס האט ניט גענומען לאנג, האבען מיר מיט אונזער געפעק זיך שוין געטראגען אין א שיפעל אויף די אומרוהיגע וועלען צו דעם גומרוק (צאלל־אמט).

דער ברעג פון יאפא איז פול מיט פעלזען און די שיפען מוזען זיך פעראנקערען ווייט ארויס אין ים. עס פאדערט גרויס געשיקטקייט פון די אראבער אז די שיפלעך אין וועלכע זיי פיהרען איבער די פאסאזשירען, זאלען זיך

ניט אנשטויסען אן די פעלזען. אין א שטורעם איז אונ־
מעגליך צו צוקומען צום ברעג, און עס טרעפט אפט אז א
שיף זאל מוזען אפפאהרען צום נעקסטען פארט מיט אלע
פאסאזשירען צוליעב דעם שלעכטען וועטער.

עס האט שוין פאסירט, אז שיפען זיינען אוועק צום
נעקסטען פארט, געקומען צוריק, ווידער ניט געקענט לאנ־
דען, ווייטער אפגעפאהרען, און ווידער צוריקגעקומען, און
אזוי דריי־פיער מאל ביז זיי איז ענדליך געלונגען אראפ־
צולאזען זייערע פאסאזשירען.

---

איך בין געזעסען צוזאמען מיט פיעל אנדערע פאסא־
זשירען און האב זיך צוגעהערט צו דעם ריטהמישען גע־
זאנג פון די באחאריעה, בעוועגענדיג הין און הער זייערע
רודערס אין וואסער.

אלצדינג איז געווען ווי פערשוואומען אין א נעבעל.
דאס הארץ איז געווען פול, צו פול...
שפעטער, שפעטער, וועט עס אפשר קלאר ווערען...
און אט האב איך מיין פוס ארויסגעשטעלט פון דעם
שיפעל אויף דער ערד — אויף דעם ערד פון ארץ ישראל...
עס גלויבט זיך ניט...

---

נאך דעם ווי מע האט איבערגעקוקט מיין פאספארט,
האט מען פערלאנגט פון אונז צוויי פראנק פאר יעדער פאר־
שוין — א נדבה פאר דער טערקישער פלאטע.

מיין קליין טאכטערל איז געווען צופיעל פערנומען
מיט דער גרויסער פופע וואס זי האט געטראגען אויף די

הענד, זיך צו אינטערעסירען מיט דער טערקישער פלאטע. אבער דער בעאמטער פון „גומרוק" האט געדרונגען מיט זיין איינענעם שכל, אז זי וויל מנדב זיין, און האט די נדבה איינגעמאהנט פון מיר.

לויט דעם קוק וואס דער בעאמטער האט געווארפען אויף דער פופע, האב איך געזעהן, אז ער איז זיך שטארק מישב אויב ער זאל זי אויך ניט ארויפשטעלען אויף דער ליסט פון מנדבים.

שפעטער ווען איך בין געווען אין רחובות, בין איך געווען דערביי ווי דער הונדערט-און-דריי-יאהריגער אב-דאללאה איז געקומען בעטען ביי „חאוואדזשא מוסא" ער זאל איהם בארגען פינף בישליק, ווארום — האט ער גע-זאגט — די חאיאלען זיינען געקומען אין זיין דארף איינ-מאהנען די „נדבות" פאר דער פלאטע, און זיי שלאגען רוק און לענד, ווער עס ניט ניט...

---

אויפ'ן פארט האט א גרויסער עולם מענשען געווארט מקבל פנים צו זיין דעם גרויסען בעריהמטען גאסט — מענ-דעל ביילים.

אזוי שנעל ווי זיין פוס האט בעטרעטען די יבשה, האט ער געהאט א גרויסע אוואציע. אן אלטער איד האט זיך איינגעבויגען און האט איהם א קוש געטהאן אין דער הארעפאשנער האנד.

איך האב געזעהן פון ווייטען ווי דער ארעמער, הונ-געריגער, אויסגעמאטערטער ביילים לויפט פאראויס און

הינטער איהם א גאנצער געזעמעל, און ס'האט מיר פער־
קלעמט ביים הארצען.

אויסגעזעהן האט ער אזוי ווי א פערברעכער נאך וועל־
כען א צעיושעטע מחנה יאגט זיך, איהם צו לינטשען...

---

ארויסקומענדיג פון „גומרוק" האבען מיר געטראפען
דעם דיכטער יעקב פיכמאן ווארטענדיג אויף אונז.

דער פריינדליכער גראזאווסקי האט בעזארגט אונזער
באגאזש און מיר האבען זיך אלע ארייגגעזעצט אין א
דראזשקע.

אן ערך צוואנציג מינוטען זיינען מיר געפאהרען דורך
די ענגע מיאוס'ע גאסען פון יאפא ביז מיר זיינען אנגעקו־
מען אין — תל־אביב...

# XVI.
# תל אביב

ווי לאַנג עס איז געווען צוריק —
אַ טויזענד יאָהר? אַן אויגענבליק?
צי איז עס רעכט, צי איז עס ניט —
געה פרעג, ווען דרייסט און פעסט דער טריט
זיך שטעלט, און ערד און זונענשיין
און הימעל, רופען: עס איז דיין...

---

די גאַנצע צייט וואָס מיר זיינען געפאָהרען דורך די גאַסען פון יאַפאַ, האָט געשפּריצט אַלייכטער שפּריירעגען. ווען מיר זיינען אריינגעפאָהרען אין „תל אביב" האָט דער רעגען אויפגעהערט, דער הימעל איז געווען אין גאַנצען אויסגעלייטערט און דער גאָלדענער זונענשיין האָט אומעטום צוריקגעפּראַלט פון די ווייסע ווענד און פון די שויבען, און האָט זיך צושאָטען איבער די ציכטיגע טראָטואַרען און איבער די ברוקירטע גאַסען.

מע האָט מיר געזאָגט, אַז „תל אביב" איז די פּ אַ ח ן פון דעם נייעם ישוב. דער אויסדרוק האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין מעהר ווי בלויז אַ מליצה.

פון אַלע זייטען האָבען זיך געוואָרפען אין די אויגען

די צוויי ליכטיגע פארבען פון דער ציוניסטישער פאהן: ווייס און בלא... אונטען — ווייסע, בלענדענד־ווייסע הייזער, אויבען — בלאע, בלענדענד־בלאע הימלען, און אין הינטערגרונד, א בלאער, טיעף־בלאער ים.

קיין האלב־פארבען, קיין שאטירונגען, קיין שעמעורדיגקייט אדער צווייפעל, נאר קלארע העלע קאלירען וואס האבען געווירקט אזוי ווי טרומפייטען־שאלען...

קאפ און הארץ זיינען מיר מיט אמאל געווארען אויסגעלייטערט אזוי ווי די הימלען פון אויבען. די זוניגקייט און די יום־טוב'דיגע ציכטיגקייט ארום זיינען געווען בעגריסונגען צו מיר. איך האב עס געוואוסט אזוי זיכער ווי איך האב געוואוסט אז איך בין אנגעקומען קיין ארץ ישראל.

דער זונענשיין איז געווען אידישער זונענשיין, אזוי ווי די הייזער זיינען געווען אידישע הייזער, ארויסגע־כשופט דורך אידישען פליים אויף א ־וויסטען זאמד־מדבר. אזוי ווי די מענשען אויף די גאסען זיינען געווען אידען, אזוי ווי די קלאנגען וואס מיין אויער האט געכאפט זיינען געווען אידישע קלאנגען...

אלצדינג האט גערעדט צו מיר, האט געזונגען צו מיר...

---

מיר זיינען פארבייגעפאהרען אן אלטען בארוועסען אראבער וואס האט געפיהרט אן אנגעלאדענעם קעמעל. זיינע אבות־אבותיו פון גאט וויים וויפיעל דורות האבען דא אודאי קעמלען געטריבען און שאף געפאשעט, און לייווענטענעביידלעך אויפגעשטעלט, און פארנאכט האבען זיי פייערען אנגעצונדען און האבען „פיטעס" געבאקען

און דערנאָך זיינען זיי קענען די פייערען געזעסען און האָבען געוויפערט און זיך דערצעהלט מעשות אין דער שטילער נאכט.

א י ך — בין נאָר וואָס געקומען, פון א ווייטען לאנד, נאָך צומאָל א נאכט אין ארץ ישראל ניט איבערגעשלאָפען, נאָך צומאָל א גלאָז וואסער אין איהר ניט געטרונקען, נאָך צומאָל קיין דליד אמות אויף איהר ניט געשפאצירט, און דאָך —

האָב א י ך אויף א י ה ם געקוקט ווי אויף א פרעמדען. א י ך בין געווען דער תושב און ע ר דער איינגעוואנדערטער...

דאָס געפיהל פון יושר און גערעכטיגקייט האָט זיך געשעמט... אָבער פון מיין בלוט האָט עס געשריען:

— נחלת אבות...

---

מיר זיינען אריינגעפאָהרען אין „רחוב הרצל", פאַרביינגעפאָהרען „רחוב ליליענבלום" און געקומען צו די „שדרות רוטשילד", וואו עס איז געווען אויפגעשטעלט א טריאומף־טויער בעציערט מיט פאַלמען־צווייגען און מיט בלומען. דאָס האָט מען זיך געריכט אויף באַראָן עדמאָנד רעטשילד, וואָס האָט געזאָלט קומען היינט־מאָרגען.

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט נעבען א פּאַנסיאָן אויף דעם עק פון „רחוב הרצל" און „רחוב אחד העם", גלייך אַקעגען דער העברעאישער גימנאַזיע — א הויכער איינפאַר־געבויטער ווייסער בנין מיט צוויי טורעמלעך אין מיטען. די גימנאַזיע איז דער מיטעלפּונקט און דער שיינ־

דעל פון תל־אביב, אנקומענדיג אין שטעדטעל קריגט מען דעם ערשטען קבלת פנים פון איהר, ווי זי וואלט זאגען: „זיי וויסען, אז אלע הייזער וואס דו זעהסט ארום און אלע מענשען וואס געהען אויף די גאסען זיינען אלע נאר צוליעב מיר געשאפען געווארען. דער עיקר בין איך”.

קוים זיך איבערגעטהאן און אונטערגעלעהנט דאס הארץ, געה איך ארוים אנקוקען דאס שעהנע שטעדטעל.

---

דאס גאנצע שטעדטעל געהט כאדאראם צוליעב די הכנות וואס מע מאכט לכבוד דעם באראן. די פאר־שטעהער פון דער גימנאזיע און פון דעם ועד העיר זיינען ווי אין א פיבער. אלע ווילע קומען אן שטאפעטען און ברענגען נייע ידיעות: די יאכט פון באראן זעהט זיך שוין פון דער ווייטען, די יאכט איז שוין פעראנקערט, א. א. וו.

ביי די אכט־הונדערט שילער פון דער גימנאזיע איז צוליעב דעם באראן'ס קומען א יומא דפגרי. איז די גאס מיט זיי פול. שעהנע געזונדע בחורים און מיידלעך, א מחיה אויף זיי צו קוקען. די שפראך העברעאיש. מע לאכט און מע פלוידערט און מע וויצעלט זיך און מע יאגט זיך איינער נאך דעם אנדערן.

אט פליהט פערביי א שעהנע אידישע מאכטער אויף א וועליסאפעד און ווערט פערשוואונדען אין א ווינקעל גאס.

דראזשקעס לויפען הין און הער און די גלעקלעך אויף די פערד קלינגען און קלינגען אהן אן אויפהער. דער דילי־

ושצנט ווּאָס פיהרט פאַר צוויי „מעטעליק" פון „תל־אביב"
קיין יאַפאַ קען ניט נאָססאַיען פלעצער גענוג פאַר די פּאַ־
סאַזשירען.

אויף די הייזער זיינען אויסגעהאַנגען פאָהנעס און דער עולם ווערט געשפּאַנטער וואָס א מינוט. . .

. . . . . . . . . . .

---

היינט איז פרייטאָג. דער באַראָן איז ניט געקומען און וועט ניט קומען ביז זונטאָג. דערווייל נידערט אַרונטער אויף'ן שטעדטעל דער ערב־שבת פאַרנאַכט. דער דיליזשאַנס לויפט ניט מעהר, די דראָזשקעס זיינען נעלם געוואָרען, ניטאָ מעהר קיין זכר פון וואָכעדיגקייט.

די זונן איז שוין פאַרגאַנגען. ווייכע שאָטענס שפּרייטען זיך געדיכטער און געדיכטער, דער הימעל ווערט אָנגעשאָטען מיט שטערען און די גאַסען ווימלען מיט פּאַרלעך און קאָמפּאַניעס וואָס שפּאַצירען אין אַלע ריכטונגען. דורך די אָפענע פענסטער גיסען זיך אַרויס פון די הייזער, שטראַמען ליכט, און דאָ און דאָרט גיסט זיך אַרויס צוזאַמען מיט דעם ליכט א געזאַנג. דאָס זינגט מען זיצענדיג אַרום טיש, נאָך דער שבת'דיגער סעודה... די ווערטער און די קלאַנגען זיינען בעקאַנטע, היימישע.

אויף די האַלב־פינסטערע ווערענדאָס זיצט מען אין דער פרישער אָבענד־לופט און מע שמועסט, און אויף אַלצדינג און אויף אַלעמען איז אויסגעגאָסען די זיסע, ציכטיגע מנוחה פון שבת...

---

מע דערצעהלט מיר, אז נאך נים לאנג צוריק פלעגט מען ביים אריינפאהר אין תל־אביב ארונטערלאזען דעם שלאנגבאם אום שבת, און קיין וואגען אדער רייטער איז נים ערלויבט געווען צו פערשוועכען דעם הייליגען רוה־טאג.

מאכט זיך איינמאל אז א דעפוטאט פון דעם אטאמאנישען פארלאמענט בעזוכט יאפא אום שבת, און אזוי ווי ער האט זיך פיעל אנגעהערט פון דעם שעהנעם תל־אביב, בלייבט ביי איהם זיך אהין דורכצופאהרען אין א פאעטאן.

טרעפענדיג דעם שלאנגבאם אראפגעלאזט, איז ער געווארען אן אנגעצונדענער. און אויף מארגען איז ער ארוים אין אן אראבישער צייטונג מיט אן אטאקע אויף די אידישע בעפעלקערונג וואס וויל גרינדען א רעגיערונג אין א רעגיערונג.

איצט לאזט מען קיין שלאנגבאם נים ארונטער. אבער זעלטען־ווען אז א נים־אידישע דראזשקע אדער א נים־אידישער רייטער זאל דורכפאהרען אום שבת.

פון אידען איז אפגערעדט. אפילו דער ראדיקאלסטער יום־כפור־באלניק וועט זיך שטארק מישב זיין איידער ער וועט וואגען מחלל־שבת זיין בפרהסיא.

געווען א פרוי וואס האט געפרובט ארבייטען אין איהר גערטעל אום שבת, איז זי שיער נים געלינטשט געווארען, נים חלילה פון אידען מים לאנגע פאות, נאר פון די — יונגע שילער פון דער העברעאישער גימנאזיע.

דיזעלבינע בחורים האבען ביי אן אנדער געלעגענהייט בעלאגערט דאס הויז וואו עס איז איינגעשטאנען א בעריהמטער אידישער שריפטשטעלער און האבען איהם נים

געלאָזען געהן אויף א רעפעראַט וואס ער האָט געזאָלט האַלטען אין אידיש. ביי א צווייטער געלעגענהייט האבען זיי געמהאָן עפּעס וואָס האָט געפאָדערט ווענינער העלדיש־קיים. דערפאַר האָט עס אבער געווירקט שנעלער און שטאַרקער.

זיי האבען געמאַכט א „בעמישע אבסטרוקציע" אין א טהעאטער וואו די אידישיסטען — וועלכע האבען אונגע־פעהר אזוי פיעל שאַנסען אין תל־אביב ווי די וואָס אגיטי־רען פאַר דעם דבור העברי, אין שיקאַגא — האבען אויפ־געפיהרט א אידישע שטיק.

פאַר די וואס ווייסען ניט וואס „בעמישע אבסטרוק־ציע" איז, וויל איך בלויז זאָגען, אז דאָס איז א מעטהאָדע פון ארגומענטירען וואס איז מעהר איבערצייגענד פאַר'ן נאַז ווי פאַר'ן שכל, און בעשטעהט אין דעם געברויך פון אזעלכע שטאָפען, וואָס אפילו די מאַרטירער־נאַז פון א אידישיסט קען ניט פערטראָגען.

---

דער באַראָן איז ענדליך געקומען. עס האבען זיך אנ־געזאַמעלט אַן ערך פיער־פינף טויזענד מענשען. די אָרד־נונג האבען געהאַלטען די מיטגליעדער פון דעם אטלעטי־שען קלוב „המכבי". זיך האַלטענדיג האַנד־אין־האַנד, האַ־בען זיי געבילדעט א קייט הינטער דעם באַראָן'ס קאַרעטע און האבען העלדיש צוריקגעהאַלטען די טויזענד־קעפּיגע מאַסע וואָס האָט זיך געשפּאַרט מיט אַלע כחות זיך דורכ־צורייסען.

---

די נאכריכט פון דעם בּאראָנ'ס קומען האָט זיך אויך פערשפּרייט צווישען דער אראבישער בעפעלקערונג אין יאפא.

מיט דעם פיינעם חוש וואָס אלע אראבער האָבען פאר פאסיגע צונעמעניסען, האָבען זיי דעם באראָן א נאָמען גע־געבען „אבו'ל־מאסארי" — דער פאָטער פון געלט. אנ־דערע האָבען איהם מעהר מליצה'דיג גערופען „אברסונ־דוק" — דער טאַטע פון דעם קעסטעל.

איך האָב געזעהן דעם „אברסונדוק" ווי ער איז גע־שטאַנען אויף א באַלקאָן און האָט ארונטערגעקוקט אויף דעם גרויסען עולם וואָס איז געקומען איהם אָפּצוגעבען כבוד. ער איז געווען שטאַרק גערירט. אויף זיין אַלטען פנים איז געווען דער אויסדרוק פון אמת'ער פרייד...

מיט פּופּצעהן יאָהר צוריק ווען ער איז געקומען קיין פּאַלעסטינא, האָט ער געטראָפען קאָלאָניסטען וואָס האָבען אויסגעקוקט אויף זיין שטיצע, און א ישוב וואָס איז גע־האָנגען אויף זייגע חסדים, אויסגעטיילט דורך אונעהרליכע אדער אונפעהיגע שלוחים.

איצט האָט ער געפונען זעלבסטשטענדיגע פּיאָנערען וועלכע האָבען איהם בעגריסט מיט הארציגער ליעבע און מיט בעוואונדערונג, אָבער אָהן שום הכנעה. זיי האָבען קיין זאַך פון איהם ניט ערווארט. זיי זיינען געקומען מיט איהם צוזאַמען זיך פרעהען אויף די שעהנע פרוכטען וואָס האָבען ארויסגעשפּראָצט פון דעם זאָמען וואָס ער און אנ־דערע האָבען מיט אזוי פיעל מיה און הארצוועה פערזעעט...

בעזונדערס האָט ער געקליבען נחת פון יענע אנשטאַל־

טען און קאָלאָניעס אין וועלכע ער אַליין האָט לחלוטין קיין חלק נים געהאט. ער, וואָס דער ישוב פון פּאַלעסטינא איז פאַר מעהר ווי דריי צעהנדליג יאָהר נאָכאַנאַנד געווען זיין איינציגער טרוים — האָט מעהר ווי וועלכער עס איז אַנ־דערער געוואוסט צו שעצען יענע אויפטהוען וועלכע זיינען זיך בעגאַנגען אָהן זיין הילף.

תל־אביב איז ביי איהם אין גאַנצען געווען אַן אַנט־פּלעקונג...

---

אָבער דאָ און דאָרט האָט זיך אַ שוואַרצער פאָדעם דורכגעכאַפּט...

אין ראשון לציון, זאָגט מען, האָט דער באַראָן גע־פרעגט: ווי קומט עס וואָס ער שטויסט זיך אָן אין פּאַריז אויף אַזוי פיעל זיהן פון ארץ־ישראל'דיגע קאָלאָניסטען?

אין עקרון — פיעלייכט די צוריקגעשטאַנענסטע קאָ־לאָניע פון יהודה — איז דעם באַראָן אַרויס אַנטקעגען אַ כאָר פון קליינע קינדער זינגענדיג העברעאישע ליעדער, האָט ער בעמערקט ווי איינציגע קינדער האָבען שלעכטע אויגען און האָט געפרעגט, אויב, שטאָט צו לערנען די קינדער זינגען וואָלט נים געווען מעהר יושר זיי גוט אויס־צוואַשען די אויגען...

ווען מע האָט די באַראָנעסע איינגעלאַדען אין דער העברעאישער מוזיק־שוהלע פון תל־אביב, האָט זי געזאָגט:
Vous commencez toujour par le dessert...

(איהר הויבט שטענדיג אָן פון'ם צימעס).

---

נאָך די אַלע גרויסע הכנות וואָס מע האָט לכבוד איהם געמאַכט, איז דער „אַברסונדוס" אין תּל־אביב אין נאָכ־צען פערבליבען בלויז אַ פּאָאר שעה. ער האָט זיך נע־איילט אַפּצופאָהרען קיין ירושלים.

# XVII.

## הרצליה

גערזעסען אויפ'ן בראָכשטוהל איז דער צאָרן,
די שאַנד, דער וועה פון טויזענד לאַנגע
יאָהרען,
און ניט געווען קיין כח צו געבערען...
און פּלוצים זעה! ווען אין דער ערד דער קערן
געוואָרען איז צופוילט — אַרויסגעשאָסען
האָט אין דער זון א פעלד פון יונגען קאָרן,
און רייך און פרוכטבאַר איבער אַלע מאָסען,
אין איין פריהמאָרגען זיינען מיר געוואָרען..

---

נעכטען אָבענד בין איך געווען אויף א „נשף" אין דער גימנאַזיע. בּאראָן ראָטהשילד, אויף וועמען מען האָט זיך לכתחלה גערעכט, איז נ י ט געקומען, אָבער עס איז מן השמים בעשערט געווען אז אָהן אַן „אבו סונדוק" זאָל דער אָבענד ניט פערגעהן. איז געקומען דער שיקאַגאָ'ער פיעלפאַכער מיליאָנער און פילאַנטראָפּ ר... מיט זיין פרוי.

דער גרויסער זאאַל פון דער גימנאַזיע איז געווען אָנגעפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ מיט גימנאַזיסטען און גימנאַזיסטקעס און מיט זייטיגע בעזוכערס.

דער „תכנית" אדער פראגראם איז בעשטאנען פון כאר־געזאנגען, דעקלאמאציאנען, אן ארקעסטער פון בלאז־אינסטרומענטען צוזאמענגעשטעלט פון תלמידים, א מאנ־דאלין ארקעסטער פון תלמידות און צולעצט „התעמלות" אדער גימנאסטיק.

די שילער וואס האבען גענומען אנטייל אין דעם לעצ־טען נומער, האבען דורכגעפיהרט אלע בעוועגונגען מיט קראפט, געשיקטקייט און זעלטענער גראציע. זיי זיינען געווען אלע שלאנקע ברייט־ברוסטיגע יונגען, אנגעטהאן אין ווייסע הויזען און וויים־און־בלא געשטרייפטע יאקען. אויף דער ברוסט ביי איטליכען איז מיט גרויסע בלאע בוכ־שטאבען געווען אויסגעשטיקט דאסווארט „הרצליה", דער נאמען פון דער גימנאזיע.

---

צווישען די דעקלאמאציאנען פונ'ם אבענד איז געווען שלום עליכם'ס „ווען איך בין ראטהשילד", אין א העברע־אישער איבערזעצונג. די שטיק האט זעהר אויסגענומען ביי דעם עולם און איך האב אויפמערקזאם געמאכט א מאן וואס איז געשטאנען נעבען מיר, ווי מערקווירדיג דאס איז, אז די בעסטע זאך פון א „נשף" וואס ווערט געגעבען אין דער ה ע ב ר ע א י ש ע ר גימנאזיע, איז געשריבען דוקא פון א „ס ו פ ר ז ר ג ו נ י".

— וואס רעדט איהר ? — ענטפערט ער מיר מיט ביטול — דאס קריגט דאך ערשט א טעם אין העברעאיש.

אז אויסגעצייכענטער שיר פון פרישמאנ'ען איז פאר־

געלעזען געווארען, אבער אין דער חברה הספרדית האבען די שורות פערלארען זייער אורשפרינגליכען ריטהמוס.

---

די פראבלעם ווי אנצוהאלטען אין דעם ספרד'ישען אקצענט דעם ריטהמוס פון העברעאישע ליעדער וואס זיינען לכתחלה געדיכטעט געווארען אויף דעם אשכנז'ישען אקצענט — וועט זיין זעהר שווער צו לייזען פאר די אנהענגער פון די חברה־הספרדית — און אזעלכע זיינען דאך אלע וואס וואינען אין ארץ ישראל.

די קלינגענדסטע ליעדער פון ביאליק און שניאור מוזען נאטירליך פערלירען דעם גרעסטען טייל פון זייער וואוילקלאנג ווען זיי ווערען ארויסגערעדט אין דער ספרד'ישער אויסשפראך.

קיין וואונדער ניט וואס פיעל גרויסע העברעאישע שריפטשטעלער אין די גלות־לענדער קוקען קרום אויף דער גאנצער חברה הספרדית. איינער, א ערנסטער העברעאישער מיסטיקער און דענקער, וואס האט קיין מאל אין זיין לעבען קיין וויץ ניט געזאגט, האט זיין ערשטע און איינציגע הלצה געמאכט אויף דעם חשבון פון דער דאזיגער „חברה", און האט זי אנגערופען: די „חברה הצפרדעית" (די אויסשפראך פון זשאבעס).

און דאך ווען מע לעבט אין ארץ ישראל א לענגערע צייט, הויבט מען אן פיהלען, אז די ספרד'ישע אויסשפראך איז די ריכטיגע, די צוגעפאסטע, אפגעזעהן פון אלע היסטאריש־פילאלאגישע טעמים.

---

דעם שיקאגא'ער מיליאנער האט די פראבלעם פון דער „חברה" קענטיג וועניג־וואס געקימערט. ער האט אלע פארלעזונגען, אהן שום אונטערשייד, אפלאדירט, צו־ליעב ריין פילאנטראפישע מאטיווען.

אמת הארציג הנאח געהאט האט ער פון דער גימנאס־טישער טייל פון דער פראגראם. די גאנצע צייט וואס די יונגע אידישע אטלעטען האבען, צו דעם צושפיעל פון א קליינעם ארגעל, דורכגעמאכט זייערע פערשיעדנע ווענדונ־גען און פיגורען, האט ער פון זיי די אויגען ניט ארונטער־גענומען. ער האט געכאפט התפעלות פון איטליכען קעהר און ריהר, און האט געפאטשט מיט דער התלהבות פון א יונגען איינגעל.

אחוץ אפלאדיסמענטען האט ער אויך געשאנקען פינף הונדערט דאלער אויף א טענים־פלאץ פאר די שילער.

די פארשטעהער פון דער גימנאזיע האבען נאכאנאנד ארומגעפאדעט ארום איהם, און די תלמידים האבען איהם געמאכט אן אוואציע.

---

דערזעלביגער מיליאנער און פילאנטראפ, אויב איך האב קיין טעות ניט, האט צו מעהר ווי איין נענער־פעראיין פון דער „יאנג מענ'ס קריסטשען אסאסיאיישאן" געשאנ־קען די סומע פון פינף און צוואנציג טויזענד דאלאר, און איך צווייפעל שטארק אויב זיינע שווארצע פראטעזשעס האבען איהם וועז עס איז געגעבען אזא מין פעטע פארציע כבוד, ווי די שלאנקע שעהנע בחורים פון דער העברעאי־שער גימנאזיע אין תל־אביב.

ווען ער האָט בעזוכט אַ געוויסע ערציהונגס־אַנשטאַלט אין ירושלים — דערצעהלט מען מיר — האָט מען זיך מעהר מיט אָוואַציעס ניט בעגנוגענט און מע האָט איהם — געטראָגען אויף די הענד...

צוליעב דעם כבוד פון מיין מיליאָנערסקען לאַנדסמאַן וויל איך גלויבען אַז ער האָט זיך שטאַרק געראַנגעלט און איינינע פון זיי כאָטש אַ פּאָאַר צייהנער אויסגעבריקעט.

איך טראַכט : וואָס פאַר'ע מציאות מע קען אין ארץ ישראל איינקויפען.... אַז גאָט בענשט איינעם מיט אסך געלט און ער האַלט ביי קויפען כבוד, זאָל ער נאָר פאַהרען קיין פּאַלעסטינא. וואָס אין ניו יאָרק אָדער באָסטאָן אָדער שיקאַגאָ דאַרף קאָסטען אַ פערמעגען, קען מען אין דעם לאַנד פון די אבות איינהאַנדלען פאר א שיבוש.

---

צוזאַמען מיט דעם מיליאָנער ר... איז אויך געקומען זיין פיהרער און ראטה־געבער, דער אַגראָנאָם א... וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט דעם וואָס ער האָט אויסגע־פונען דעם אור־ווייץ, אָדער, דעם ערשטען עלטער־זיידען פון אַלע ווייצען, וועלכען די באָטאַניקער האָבען זינט ־ורות געזוכט מיט ליכט. דער דאָזיגער ווייץ האָט די מעלה וואָס ער איז ניט אַזאַ מפונק ווי דער היינטיגער, געביל־דעטער ווייץ, און קען וואַקסען אפילו אין דער מאָגער־סטער, טרוקענסטער ערד.

איין מלאכה איז ביי אידען ניט געווען, בעזונדערס אין ארץ ישראל. א... איז ניט קיין יוצא מן הכלל. און צו דערזעלביגער צייט וואָס ער פאָרשט אין זיין עקספּערי־

מענט־סטאַציאָן „אַטליט״, דעם זיידע פון די ווייצען, אַי־
ער דער ארץ־ישראל׳דיגער בעל־יועץ פון אַן אַמעריקאַני־
שען „טאַטע פון׳ם קעסטעל״.

---

איבריגענס איז טאַקי נויטיג צו האָבען אַן אייגענעם
מענשען אין ארץ ישראל. ווען ניט, איז מען קיינמאָל ניט
זיכער פון די געפעהרליכע — ארבייטער...

אַט, למשל, ווען ר... האָט בעזוכט „אַטליט״, האָט
איהם אַ קאָמיטעט פון אידישע ארבייטער דערלאַנגט אַ
בריעף, אין וועלכען זיי בעקלאָגען זיך אַז הערר אַ..., וואָס
האַלט אויף זיין עקספּערימענט־סטאַציאָן אויף די שטיצע
וואָס ער קריגט פון אידישע פילאַנטראָפּען אין אַמעריקאַ
— בעשעפטיגט אויסשליסליך אַראַבער, און גיט קיינעם
פון די אידישע פועלים ניט די געלעגענהייט זיך אויסצו־
לערנען אַביסעל אַגראָנאָמיע און באָטאַניק, וואָס דאָס איז
דאָך פאַר׳ן ישוב אַזוי וויכטיג.

האָט דער מיליאָנער איבערגעלייענט אָדער געהערט
איבערלייענענדיג דעם בריעף און האָט זיך אַ קעהר געטהאָן
צו זיין יועץ:

— האָט איהר דאָ אַן אייזערנעם שראַנק?...

אַ... האָט ניט באַלד פערשטאַנען וואָס דער פילאַנ־
טראָפּ וויל מיט דערדאָזיגער פראַגע, אָבער ר... האָט צר
געלעגט:

— אויב איהר האָט דאָ מענשען וואָס קענען שרייבען
אַ ז עָ ל כ ע בריעף, זייט איהר ניט זיכער קעגען אַן אָנ־
פאַל...

---

עס איז שוין געווען שפעט ווען דער „נשף" האט זיך געענדיגט און דער עולם איז זיך צונאנגען...

לאנג נאך דעם בין איך געזעסן אנגעשפארט אויף מיין פענסטער און געהערט ווי די גימנאזיסטען מארשירען דורך די שטילע גאסען פון „תל־אביב" זינגענדיג העברע־אישע ליעדער אין דער שטערענדיגער נאכט...

## XVIII.
# האַרינטע און שפּחה

אידיש איז דאַ טריף ווי חזיר. ריידען אידיש אויף דער גאס פאַדערט נעוואַלטיגען מוטה.

גימנאַזיסטען פון דעם זיבעטען און דעם אַכטען קלאַס קומען אָפּט אַריבער צו מיר. איך פּרוב מיט זיי ריידען העברעאיש. איין גאָט אין הימעל ווייס אַז מיין כונה איז גוט, אַבער מיין צונג איז נאָך ניט געוואוינט. הויב איך אָן ריידען אידיש. ריידען זיי אויך אידיש. געהען פערביי זייערע חברים, אָדער לעהרער פון דער גימנאַזיע אָדער גלאַט מענשען און קוקען קרום אי אויף מיר אי אויף זיי.

בין איך געקומען אָהער פערשפּרייטען שמד ?

דער אַלטער וועטעראַן פון'ם ישוב, דער גרייז־גראָהער אייזענשטאַדט, בעגעגענט מיך און פרעגט מיך צי עס איז טאַקע אמת וואָס מע זאָגט אַז איך בין געקומען ארויסגעבען אין פּאַלעסטינא אַ „זשאַרגאָנישע" צייטונג ?

איך פערזיכער איהם, אַז אַזאַ שרעקליכער פערברעך האָט זיך מיר אַפילו אין חלום ניט געקענט אויסדאַכטען. כאַכט ער אַ מינע ווי ער גלויבט מיר באמונה שלמה, שמיי־

כעלט, און זאגט אז ער וואלט אין לעבען ניט געווארפען אויף מיר אזא מיאוס'ען חשד. ער האט מיר נאר דער־צעהלט וואס אנדערע ריידען. דערביי זעה איך אז זיין הארץ איז ניט גאנץ רוהיג.

מיט די וואס שרייבען „זרגונית" (זשארגאניט) קען מען קיינמאל צו זיכער ניט זיין.

א סוחר, פאר וועמען הערר גרזובסקי שטעלט מיך פאר אלס „משורר זרגוני", פרעגט מיך מיט אמת'ער רחמנות צי איך שעהם זיך ניט וואס איך שרייב אויף „זרגון". איך בין זיך מוסר נפש און זאג „ניין". זעה איך מיט אמאל ווי זיין געזיכט ווערט פערוואלקענט און זיין פריהערדיגע רחמנות געהט איבער אין פעראכטונג...

אבי ער האט געמיינט אז איך בין א בעל־תשובה.

---

א יונגע מיידעל, קענטיג נאר וואס אנגעקומען אין תל־אביב, שטעלט מיך פּאפ אויף דער גאס און פרעגט מיך אויף א זעהר צוקאליעטשעטען העברעאיש וואו א געוויסע גאס געפינט זיך. איך ענטפער ניט שנעל גענוג און זי דרינגט אז איך פערשטעה ניט איהר העברעאיש. פער־שעהמט זי זיך און פרעגט מיך אויף א צרה'דיגען רוסיש.

— אבער פאר וואס פרעגט איהר ניט אויף מאמע־לשון ? — קום איך ארויס מיט מיין ליטווישען דיאלעקט.

איך האב די מיידעל מחיה געווען, און זי האט זיך צורעדט אויף א אידיש וואס הלואי אויף פיעל פון אונ־זערע אינגערע שרייבער געזאגט געווארען.

**אידיש אין „תל־אביב", היתכן? — האָט זי נעבאך געמוזט זיך פּלאָנטען אויף רוסיש...**

---

איך האָב צוגעקוקט ווי אַ גרופּע יונגע גימנאַזיסטען האָבען געשפּיעלט פוס־באָל. עס זיינען געווען די געוועהנ־ליכע געשרייען און רייסערייען, אָבער אין דער גרעסטער היץ פון שפּיעל האָט זיך קיינער פון זיי ניט ארויסגעכאַפּט מיט אַ ניט־העברעאישען וואָרט. דאָס איז ביי מיר געווען דער בעסטער בעוויז, אַז די שפּראַך איז זיי אריין אין דער נשמה און איז אין זיי אָרגאַניש אריינגעוואַקסען.

אַ גרויסער זיעג פאַר די פּיאָנערען פון דער שפּראַך־אויפלעבונג.

---

דערפאַר אָבער, די דערוואַקסענע מענשען, הגם זיי ריידען העברעאיש זעהר פליסיג, ווייזען ארויס אַ סך גע־קינסטעלטקייט, אַ סך געצוואונגענהייט, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען זאָגען: מיר האָבען אַ זאַך בעשלאָסען און מיר וועלען זי דורכפיהרען, ווי שווער עס זאָל ניט זיין.

דאָס רוב געשפּרעכען אָדער, לכל הפחות, די יענינע וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערען, זיינען פלאַך און בלוטלאָז און דרעהען זיך ארום איין אויסגעדראָשענעם אידעען־קרייז. וועניג המצאות ווערען געזאָגט און דער לעבעדיגער הומאָר פעהלט אין גאַנצען. איך שרייב עס צו, צו דער אוננאַטירליכקייט פון זייער העברעאיש ריידען. עס דאַכט זיך, אַז אַזוי שנעל ווי זיי וואָלטען נעהמען ריי־

דען אידיש, וואָלטען זיי פרייער אויפּאָטהעמען און ריידען אינטערעסאַנטער, האַרציגער, הומאָריסטישער.

דאָן זיינען דאָ די גאָר עלטערע אידען וואָס מאַטערען זיך נעבאָך צו ריידען העברעאיש. ווען זיי זאָלען זיך ניט שעהמען, וואָלטען זיי גערעדט אידיש. אָבער עס פּאַסט עפּעס ניט פאַר די יונגע. ברעכט מען די אַלטע צייהנער אָבי ניט אויסגעלאַכט צו ווערען, ממש ווי די עלטערע אי־דען מוטשען זיך אין אַמעריקא מיט זייער געבראָכענעם ענגליש.

אָבער עס איז ארץ ישראל, און די מאַטערניש איז ליעב. מע קוקט אויף די איינענע קינדער און מע הערט ווי געשמאַק און ווי נאַטירליך ז י י ריידען העברעאיש און עס צוגעהט דאָס האַרץ פון פרייד.

---

מיט דער שפראַך אליין איז נאָך אַ האַלבע צרה. אָבער די חברה הספרדית...

אַ פרומער איד האָט מיר מיט אַ זיפץ דערצעהלט, אַז ער האָט שוין כמה וכמה מאָל געפּרובט דאַוונען מיט דער חברה הספרדית, האָט זיך איהם די צונג גענומען קלעפּען און ער האָט ניט אָנגעהויבען פערשטעהן דעם פּרוש המלות... איז געבליבען ביי איהם, אויף דער נאָס ווי אויף דער נאָס אָבער אין שוהל — די אַלטע שניפּישקער חברה...

---

איך בין אויפגעשטאַנען איין טאָג גאַנץ בעגינען. אויף דער גאָס איז נאָך כמעט קיין מענש ניט געווען צו זעהן. דער אייזעל בעלאַדען מיט פרישע בולקעס פון כץ'ס

„מאפיה" (בעקערייַ) איז נאָר וואָס פאַרבייַגעגאַנגען. וואָס דאָס מיינט, אַז עס איז נאָך געווען זעהר פריה.

זעה איך ווי אַן עלטערער איד מיט אַ גראָהליכען באָרד שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פון אַ פענסטער, קוקט אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס און גיט אַ זאָג צו עמיצען וואָס ער האָט דאָרט מסתמא דערזעהן, אַ היימישען „גוט מאָרגען". דערביי האָט זיך דער איד פאַססמאַקעוועט. דאָס האָט מען געקענט זעהן אויף זיין געזיכט.

אַרייַנגעכאַפּט אַ אידיש וואָרט...

אַ רחמנות אויפ'ן דור המדבר.

---

נאָך אַ גרעסערער רחמנות איז אויף די „אנוסים" וואָס האָבען נעבאך צוליעב דער ביטערער פרנסה געמוזט אַנגעהמען די „אמונה" פון תל אביב.

אַזעלכער איז געווען דער יונגער מאַן פון דער „מספרה" (מאַספּעירא) וואו איך בין אַריין זיך אָפּשערען די האָאר. ער האָט לכתחלה אויסגעלאָזט אויף מיר די פּאָאר העברעאישע ווערטער און פראַזען, וואָס ער האָט זיך, קענטיג, מיט שווערער מיה אויסגעלערענט. ווען אָבער ער האָט אויסגעפונען אַז איך וועל איהם ניט פעררראָטהען, האָט ער מיר אין הארציגען מאַמע-לשון ענטפּלעקט דעם שרעקליכען סוד...

---

די איינציגע אויסגעשפּראָכענע אידישיסטען וואָס האָבען דעם מוטה פון זייער איבערצייגונג, זיינען די אַראָבער וואָס קומען פערקויפען זייערע סחורות אין תל-אביב. אַט

פיהט א הויכער דארער אראבער א קליין אייזעל בעלאדען מיט לײמענע כלים און שרייט אונטער דעם סאמע שאטען פון דער גימנאזיע, אין קלאסישען אידיש „טע־לער־לער, טע־פע־לעך, שי־סע־לעך” און פון עק גאס קומט אן אן אראבערקע מיט א קויש אויפ'ן קאפ און זינגט אויס, מיט א האלב־טרויריגען, האלב־ברוגז'דיגען נגון „גוטי מאראנ־צי, מאראנצי גוטי”.

---

און דאך, ווי לעבערליך און ווי קליינליך עס זאל נים זיין די שנאה פון די היגע קנאים צו אידיש, איז זי אבער גאנץ נאטירליך. מענשען האבען יאהרען און יאהרען זיך געמיהט און געקעמפפט און געארבייט מיט אלע כחות און געבראכט אלערליי קרבנות צו בעלעבען די אלטע שפראך, געטראכט ביי טאג און גע'חלומ'ט ביי נאכט פון דער דאזיגער בעלעבונג און איצט, אז זיי זעהען די ערשטע שפראָ־צונג פון זייער זריעה — ווי קען מען ערווארטען זיי זאָ־לען זיין טאלעראנט צו דער שפראך וואס זיי בעטראכטען פאר דעם געפעהרליכסטען קאנקורענט פון זייער אידעאל?

---

איך אליין גלויב וואס א טאג אלץ מעהר אין דער מעגליכקייט צו בעלעבען פון דאס ניי דעם לשון פון אונ־זערע אבות, אין ארץ ישראל. העברעאיש איז תמיד געווען א נויטווענדיגקייט אין פאלעסטינא אלס א שותפות'דיגען לשון אויף וועלכען אידען וואס קומען אהער פון אלע פער־שיעדענע לענדער האבען זיך געקענט צוזאמענריידען. דער איד פון פערסיען און דער איד פון אפגאניסטאן, דער איד

פון דייטשלאנד און דער איד פון תימן, האבען געמוזט גע־ברויכען העברעאיש כדי איינער אין דעם אנדערען א ברר דער צו געפינען.

די דאזיגע נויטהווענדיגקייט ווערט וואס א טאג אלץ שטארקער און וועט זיין א שטענדיגער אנטריב צו דעם „דבור העברי". מיט דער צייט קען העברעאיש ווערען אזוי נאטירליך פאר די איצטיגע איינוואוינער פון פאלעסטינא ווי פאר זייערע אור־אור־עלטערען מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק.

נאך אלעמען איז העברעאיש שטענדיג געווען א וויכ־טיגער עלעמענט אין אלע דיאלעקטען וואס אידען האבען אנגענומען אין די פערשידענע מדינות וואוהין דער גלות האט זיי פערטריבען.

אפשר וואלט מען מיט א דוחק אויך אידיש געקענט אגרופען א העברעאישער דיאלעקט.

פון דער אנדער זייט, טראכט איך אפט וואס פאר א גרויסער טייל פון גוטע פיאנער־ענערגיע געהט אוועק אויף דער ש פ ר א ך אין ארץ ישראל.

דערמאן איך זיך וואס היינע האט ערגעדוואו גע־זאגט :

ווען די רוימער וואלטען געדארפט זיך ערשט אויס־לערנען לאטיין, וואלטען זיי קיין צייט נים געהאט די וועלט צו בעזיגען...

---

אין אונזער פאנסיאן שטעהען איין איניגע גימנא־זיסטען פון די העכערע קלאסען. זיי קומען פון רוסלאנד,

האבען דארט געלערענט אין גימנאזיע און איצט זיינען זיי געקומען אין תל־אביב פארטזעצען זייער שטודיום.

הער איך יעדען איך־דער־פריה ווי זיי חזר'ען זייערע לעקציאנען. איינער פון זיי לערנט זיין לאטיינישע אויפ־גאבע אין העברעאיש — טויטע לאטיין אין לעבעדיגען העברעאיש.

הויבט זיך מיר שטאלץ דאס הארץ און איך טראכט:

— ירושלים האט בעזיעגט רוים...

---

אויף וואס פאר א שפראך דעם ים רעדט אין תל־אביב, ווייס איך נים, אבער איך וואלט נים מיער געוואלען איהם צו הערען נאכאנאנד... דער טאג איז נים לאנג גענוג.

אין דער פריה שטעה איך אויף דעם גילדערנעם זאמד און זעה ווי די בלאע וועלען פון דעם ים הגדול שלאגען און צוברעכען זיך אן דעם פעלזיגען ברעג, און דער שנעע־ווייסער שוים שימערט אין די שטראהלען פון דער זון.

אפט בעגלייט מיך פיכמאן, און מיר קוועלען ביידע אן פון ים און פון הימעל און קענען זיך נים זאט אנפרעהען, און אונזערע געשפרעכען זיינען א טייל פון דער פריידיג־קייט ארום...

---

ער זאגט צו מיר: איהר ווייסט, עס ווילט זיך א שורה נים שרייבען. צו וואס שאפען שעהנע זאכען, ווען ארום איז אזא שעהנע ליכטיגע וועלט?...

מיר פון צונג די ווערטער ארונטערגענומען...

מיט דעם ים פיהל איך זיך היימיש און פערגעס אָז מיין שאַנד וואָס איך בין אַ „משורר זרגוני" און וואָס איך פערשפּרייט די כפירה רחמנא לצלן צווישען אונשולדיגע אידישע בחורים, און איך בין גליקליך, איבער־גליקליך וואָס איך בין אין ארץ ישראל...

און ביי נאַכט ווערט דער הימעל אָנגעפּערלט מיט שטערען און אין דער פינסטער הערט זיך ווי דער ים רוישט און טומעלט און איך וויים אַז דאָס רוישט ער און טומעלט פון דער געבורט פון אַ פאָלק, פון אַ גרויסען חלום וואָס ווערט פערווירקליכט...

און צוגלייך נעהמט מיך ארום אַ זיסער וועהטאָג און אַ שמאַכטענים און אַ וואונד חויבט אָן בלוטען...

# XIX.

# זוניגקייט

דער גרונד־טאָן פון תל־אביב איז זוניגקייט, א שפע פון זוניגקייט, וואָס פליצט איבער די דעכער, גיסט זיך אראָפ פון די דעכער אויף די ווענד, שפּרינגט צוריק פון די ווענד אויף די יונגע בוימלעך, וואָס גראבלען מיט זייערע שוואכע ווארצלען נאָך אביסעל פייכטקייט אין דעם זאמדיגען באָדען, צושפּרייט זיך אויף דער גאס און אויף די געלע זאמד־הויפענס, און צופיצעלט זיך אין גילדערנע פליטערלעך אויף דעם סאפיר־בלאָען ים...

און זוניגקייט, א שפע פון זוניגקייט, איז אויך דער גרונד־טאָן פון דעם גאנצען לעבען אין תל־אביב.

צווישען די לעהרערס פון דער גימנאזיע, צווישען די שילער, אין די פאנסיאָנען, אויף די שפּאצירגאנגען, אין דער אנגלאָ־פּאלעסטינא באנק — אומעטום איז די לופט אנגעזאפּט מיט העלע האפנונגען, מיט פּלענער פאר דער צוקונפט, מיט דעם גייסט פון אונטערנעהמונג, מיט זיכערהייט אין זיך און מיט אמונה אין ערפאָלג.

---

דער „משרד ארץ ישראל” אָדער פּאלעסטינא־אמט.

וואָס געפינט זיך אויף דעם אויבערשטען עטאַזש פון אונזער פּאַנסיאָן, איז בעלאַנגערט פון פריה ביז שפּעט פון פערמעגליכע מענשען, וואָס זיינען געקומען אהער קויפען לאַנד.

ק אַ פּ י ט אַ ל, וואָס איז פון דער נאַטור אַ פּחדן און איז זיך על פּי רוב נוהג צו שיקען פאָראויס זיין משרת — ארבייט, אויסצושפּיאָנען פאַר איהם נייע טערי־טאָריעס, האָט זיך אָנגעהויבען בעווייזען בכבודו ובעצמו, ניט נאָר צו כאַפּען אַ קוק און אַנטלויפען, נאָר טאַקי צו פערבלייבען.

דער ישוב האָט אָנגעהויבען ווערען אַ גוט געשעפט...

דער שטעדטישער סוחר וואָס איז ניט פיאָנער גענוג צו ווילען ווערען אַ קאָלאָניסט, און ניט אידעאַליסט גענוג צ ווילען מקריב זיין זיין שטעדטישע בעקוועמליכקייט פאַר זיין ליעבע צו ארץ ישראל — דער דאָזיגער סוחר קען איצט וואוינען אין אַ מאָדערן געבויטען־הויז, האָבען אַלע קאָמפאָרטען און אפשר נאָך מעהר ווי די צו וועלכע ער איז צוגעוועהנט געוואָרען פון זיין שטעדטעל, שיקען זיינע זיהן און זיינע טעכטער אין דער גימנאַזיע, געפינען אַן איינטרעגליכע בעשעפטיגונג פאַר זיין קאַפּיטאַל און זיין ענערגי, און צו דערזעלבינער צייט וואוינען אין דעם לאַנד פון די אבות.

די פּועלים וואָס זיינען אהער געקומען צו „עסען ברויט מיט זאַלץ און טרינקען וואַסער מיט אַ מאָס", און צו ברענגען כל ערליי קרבנות פאַר פאָלק און לאַנד, קוקען נאַטירליך קרום אויף דידאָזיגע בורגנים (בורזשוא).

עס פעהלען אויך ניט קיין פיקאנטע געשיכטעס ווע־
גען אנזעצערס וואס זיינען געקומען אין ארץ ישראל
כשר'ען זייער לינקען קאפיטאל...

---

מע הערט פון נייע געשעפטען וואס ווערען געגרינ־
דעט, פון נייע אמעריקאנער „אחוזות" און פון אלערליי
אונטערנעהמונגען. מע דערצעהלט פון נייע קניות פון
ערד וואס זיינען געמאכט געווארען פון יחידים און פון
גרופען.

אין איין טאג האב איך געהערט פון פינף איינקויפען
איטליבער צו דרייסיג טויזענד דונאם. מיר איז אבער
ניט בעשערט געווען זיך לאנג אנצופרעהען מיט די גוטע
בשורות. עס האט זיך ארויסגעוויזען אז דאס זיינען אלץ
געווען די זעלביגע דרייסיג טויזענד דונאם, נאר אין פער־
שיעדענע נוסחאות.

וואלט כאטש געבליבען ביי דרייסיג טויזענד, וואלט
אויך ניט שלעכט געווען. איז אבער דער אמת געווען, אז
מע האט מיט דעם אראבער וואס צו איהם געהערט דאס
לאנד, בלויז אונטערהאנדעלט, אבער פון דעם עסק איז
דערווייל נאך גארנישט געווארען.

---

צוויי שיקאגא'ער אידען זיינען געקומען אהער מיט
א פלאן צו עפענען א קליידער־פאבריק אין ירושלים. לויט
דעם חשבון וואס זיי האבען בעוויזען, וועט זיך דער עסק
זעהר גוט בעצאהלען. איבערהויפט רעכענען זיי אויף
דעם ביליגען ארבייט־לויהן. אחוץ דעם, וועלען די וואס

לערנען זיך די מלאכה, די ערשטע צייט ניט קריגען בע־צאהלט און זייער ארבייט ועט זיין כלו רוח.

די צווייי אידען האבען שוין געדונגען א הויז נעבען דעם בצלאל אינסטיטוט און דענקען גאר בקרוב אנצופאנ־גען בעקליידען ארץ ישראל מיט זייערע פראדוקטען.

וואס פאר א גליקליכער טאג דאס וועט זיין פאר דעם ישוב פון פאלעסטינא, ווען דער גערויש פון זינגער־מאשינען וועט אנזאגען די איינוואוינער פון ירושלים אז די „סוועט־שאפ" קומט...

---

סמנים פון גוטע צייטען וואו מען גיט זיך א קעהר. מען דערצעהלט שוין אפילו פון ארימע לייט, וואס זיינען געקומען אזש פון אדעס כדי צו געהן איבער די הייזער אין תל־אביב.

---

אין דער אנגלא־פאלעסטינא באנק, וואס געפינט זיך ניט אין תל־אביב, נאר דוקא אין מיטען פון דעם שמוציגען אראבישען מארק אין יאפא, רודעלט זיך ווי אויף א יריד. ארום יעדער פענסטערל איז א געזעמעל און געדראנג. מע קומט דעפאנירען געלט, קויפען און אויסבייטען אנוויי־זונגען, לייהען געלט, אפצאהלען וועקסלען, א. א. וו.

די אפיציעלע שפראך פון דער באנק איז העברעאיש. עס איז אויפגעקלעפט א מודעה אין וועלכער מע בעט דאס פובליקום צו ריידען ע ב ר י ת. די וואס קענען טהוען עס. די פארמולארען פון דער באנק זיינען העברעאיש,

די אויפשריפטען איבער די פענסטערלעך העברעאיש. די קונדען זיינען אידען אחוץ איינינע גרויסע אראבישע סוחרים, וואס האבען, דורך דער באנק, געשעפטען מיט אידען אדער האלטען דא זייער געלט פון זיכערהייט וועגען.

די באנק, געשאפען פון אידען פאר אידען, האט זיך בעזונדערס צוגעפאסט צו אידישע בעדערפניסען און אידישע מעטהאדען פון האנדעל און פינאנץ, און דער אידישער סוחר פיהלט זיך אין איהר היימישער ווי ער וואלט זיך געקענט פיהלען אין דער פריינדליכסטער ניט־אידישער באנק אונטער די גינסטיגסטע בעדינגונגען.

פון איין זייט פליסט נאכאנאנד א שטראם פון נייע פאנדען אין דער באנק. די באנק צאהלט פינף פראצענט פאר יעהרליכע „פקדונות" אדער דעפאזיטס, און די ערבות פון דעם גאנצען אידישען פאלק, וואס איטליכער דעפאזי־טאר גלויבט מעהר אדער ווענינער צו זעהן הינטער דער באנק — ציהט צו אידיש געלט פון אלע ווינקלען.

פון דער אנדער זייט פאדערען די נייע אונטערנעה־מונגען, ערד־איינקויפען, נייע מאשינערייען א. א. וו. אסך געלט און א גאלדענער שטראם געהט ארויס פון דער אנ־גלא־פאלעסטינא באנק און בעפרוכפערט אלע אינדו־סטריען פון דעם נייעם ישוב.

---

איך שטעל זיך נעבען דער „קופה" אדער קאסע. איך האב אן אנווייזונג אויסצובייטען. די ליניע איז א לאנגע און דער קאסירער נים צו פלינק. שטעה איך און ווארט מיט עכטער אמעריקאנישער אונגעדולד. אז עס קומט אן

מיין רייה, בעווייזט זיך אַ איד פון דער אַנטקעגענדיגער זיים און שטעלט זיך אַוועק נעבען פענסטערל.

פרעג איך ביי דעם קאַסירער:

— הייתכן? איך וואַרט דאָך שוין איבער פופצעהן מינוטען...

איך האָב בדעה צו ווערען אין כעס, ערשט עס רוקט זיך אַרויס אַן עלטערער איד, מיט אַ לאַנגער, אמת׳ער ישעיה־בארד, און מיט מילדע אידישע אויגען, אַ סוחר, קענטיג, פון דעם אַלטען טיפ, און נעהמט מיך אַן ל׳ייכט פאַר׳ן אַרבעל:

— יונגער מאַן, וואָס ערגערט איהר זיך? נאָך אַלע׳ מען זיינען מיר דאָך אין ארץ ישראל, און אַלע אידען ברוך השם... פריהער שפּעטער — וואָס מאַכט עס אויס? איהר וועט ניט פערזאַמען...

ווען איך קריג אַזאַ מין אַרגומענט אין די „קעמיקאַל נעשאַנאַל בײנק" אין ניו יאָרק, וואָלט איך געטהאַן איינס פון די ביידע: ענטוועדער איך וואָלט דעם אידען דורש געווען, אָדער איך וואָלט זיך צולאַכט.

ד אַ האָב איך איינגעזעהן תיכף אַז דער אַלטער איד איז גערעכט... איך בין דאָך ניט געקומען מעבר לים בעשטעהן אויף מיין רעכט פון „פריהער"...

---

איך קום אַריין אין אַ זייטיגען קאַבינעט, און טרעף ביי אַ לאַנגען, מיט פּאַפּירען אַנגעוואָרפענעם טיש ה׳ גראַ־זאַווסקי׳ן, דעם פּערפאַסער פון העברעאישע ספרי־חנוך

און ווערטערביכער, און צונלייך איינעם פון די טהעטינסטע בעאמטע פון דער אנגלא־פאלעסטינא באנק.

ער נים מיר א שטוהל נעבען זיך און הייסט א משרת פון דער באנק ברענגען צוויי שעלכלעך קאווע.

**דערווייל** — דער אריין און דער ארויס. דער לעק־סיקאגראף רוהט ניט א רגע, שרייבט אונטער טשעקס, חתמה'ט זיך אויף דאקומענטען, מאכט הלואות, פרעגט און ענטפערט — און ביני לביני ריידען מיר וועגען דעם נייעם „מלון" איבער וועלכען ער ארבייט שוין זינט א לאנגע צייט צוזאמען מיט יעלינ'ען.

פאר מיינע אויגען ווערען אפגעטהאן מיט שנעלקייט און פינקטליכקיים, געשעפטען אויף שווערע צעהנדליגער טויזענדער פראנקען. א איד קומט אריין מיט א קוויר־טאנציע און וויל די באנק זאל אויסלייזען די סחורה וואס איז איהם אנגעקומען און האלטען אין איהרע שפייכלערס. א קאלאניסט פון פתח תקוה דארף געלד כדי צו קויפען קעסטלעך פאר זיינע אראנזשען, און דער ראש הועד פון א קליינער קאלאניע קומט בארגען פון דער באנק געלד אויף א וואסער־לייטונג.

דער מחבר פון העברעאישע לעהר־ביכער קען איטלי־כען אויסגעבונדען, ער וויים די היסטאריע און דעם יחוס, דעם מצב און די אויסזיכטען, די פעהיגקייטען און די נעוואוינהייטען פון יעדערען בעזונדער. אויף דעם סמך פון דערדאזיגער קענטניס זיינע, בעשליסט ער וועמען יא צו געבען און וועמען ניט צו געבען, און בעשטימט די סומע וואס מע קען איטליכען טרויען.

ער איז דער „בראַדסטריט״ פון דער באַנק.

ער בענוצט זיך מיט אַ פרייער מינוט אום אַרויסצו־נעהמען פון אַ טיש־קעסטעל די קאַרעקטור־בויגען פון דעם „אלף״ פון זיין ווערטערבוך, וועלכער איז שוין אויפגע־זעצט.

איך קוק איבער די בויגענס, זופּ לאַנגזאַם פון מיין שעלכעל די געדיכטע קאַווע, און דער שטן ברענגט מיר ווידער אויפ׳ן געדאַנקען די „קעמיקאַל נעשאַנאַל בייגק״ פון ניו יאָרק.

אָבער איך לאָז זיך פון איהם אויס. אין ארץ ישראל האָט די ליצנות פונ׳ם שטן קיין האַפט ניט...

---

אויף דער אַנדער זייט פון דעם גרויסען קאַבינעט, אויך ביי אַ לאַנגען מיט פּאַפּירען פערוואַרפענעם טיש, זיצט אַ צווייטער בעאַמטער פון דער באַנק, אַ הויכער, דאַרער ברוין־הויטיגער ספרדי, וואָס טראָגט אַ רויטען טאַרבוש מיט אַ שוואַרצען טראַדעל, אויפ׳ן קאָפּ.

זיין עובדה איז אויפצונעהמען די אַראַבישע סוחרים און עפענדים וואָס האָבען מסחרים מיט דער באַנק. קומט אריין אַן אַראַבער אין אַ שוואַרצען לויזען איבערדעק, מיט אַ ווייסען געפלאַכטענעם טורבאַן אויפ׳ן קאָפּ, הויבט זיך אָן אַ בעגריסונג.

דער ספרדי שטעלט זיך אויף אוןביידע צדדים לעגען מיט גרויס צערעמאָניע די רעכטע האַנד צוערשט אויפ׳ן האַרצען דערנאָך אויפ׳ן שטערען. זאָגט איינער:

— ג׳האַראַק סאַאיד (דיין טאָג זאָל זיין גליקליך).

ענטפערט דער צווייטער:

— ג'האראק סאאיד אומבאראק (דיין טאג זאל זיין גליקליך און געבענשט).

דערנאך דערלאנגט דער ספרדי מיט'ן טארבוש פאר־פיראסען און בעשטעלט קאווע. זיצט מען ארום דעם גרוי־סען שרייב־טיש, און מע רויכערט און מע נעהמט קליינע זופעלעך פון דעם קלעפיגען געטראנק, און אלע ווילע פרעגט מען זיך פון דעם ניי:

— קיף חאליאק (ווי איז דיין צושטאנד)?

און מע ענטפערט:

— על־חאמדו ליללאה (לויב צו אללאה).

שמועסט מען פון אלערליי זאכען, און ד ר ך א ג ר טהום מען אפ די געשעפטען וואס צוליעב זיי איז מען איינענטליך געקומען.

---

לפני ולפנים זיצט דער אויבער־דירעקטאר פון דער אנגלא־פאלעסטינא באנק, א גרויסער, ברייט־ביינינגער איד אין שפאקולען, מיט א לאנגער גראהליך־ברוינער בארד. זיין ערשטער אויפטריט אויף דער ביהנע פון דעם „ישוב" איז געווען מיט אן ערך פינף־און־צוואנציג—דרייסיג יאהר צוריק, אלס מחבר פון א העברעאישען ספר איבער ארץ ישראל.

איצט איז ער דער פערוואלטער פון א באנק וואס האט אויסשטעהן ארום ניין מיליאן פראנק.

ווען ער וואלט געטראגען א יארמאלקע, וואלט איך איהם געקענט נעהמען פאר א היימישען שוחט. האט

אבער זיין אפגעדעקטער פליך דער׳הרג׳עט די אילוזיע.

שטאט מיך צו אדרעסירען אין העברעאיש אדער מאמע־לשון, האט ער פ ר ו ב י ר ט ריידען מיט מיר ענגליש... די פראבע איז געווען זעהר ניט קיין געלונגענע, און איך האב דערקענט דעם משכיל...

---

דערווייל ווערט האלב נאך צוועלף. די באנק ווערט מיט אמאל ליידיג. די אנגעשטעלטע פערלאזען די פענסטערלעך און איילען זיך ארויס פון דער באנק. די טהירען ווערען געשלאסען. ערשט אין צוויי שטונדען ארום וועלען זיי ווידער געעפענט ווערען.

איך צוזאמען מיט גראזאווסקי׳ן קעהרען זיך אום צוריק אין תל־אביב.

אויפ׳ן וועג ריידען מיר ווידער פון דעם נייעם „מלון״. אזוי שנעל ווי ער האט א פרייע מינוט, ארבייט ער אויף דעמדאזיגען „מלון״. דאס איז זיין אפרוה נאך דער ארבייט אין דער באנק.

ער רעדט מיט ענטהוזיאזם פון די נייע טערמינען וואס איהם איז געלונגען אויפצופישען.

— אונזער מלון — זאגט ער — איז א פראקטישער העברעאיש־העברעאישער ווערטער־בוך, געמאכט הויפטזעכליך מיט אן אויג אויף דעם דור וואס וואקסט אויף אין ארץ ישראל. פאר אלע בעגריפען און בעדערפענישען פון דעם טאג־טעגליכען לעבען, וועט דערדאזיגער דור געפינען אין אונזער „מלון״ העברעאישע פארמען, אויס־

געמייטשט אין דעם העברעאיש אויף וועלכען ער רעדט און טראכט.

פון דעם „מלון" שפרינגט ער ווידער אריבער אויף דער באנק און דערצעהלט מיר ווי די געשעפטען וואקסען פון טאג צו טאג און ווי די באנק האט געמוזט עפענען נייע פיליאלען אין פערשיעדענע שטעדט נאכצוקומען די בעדערפעניסען פון דעם וואקסענדען „ישוב", און דא פאלט ער אריין אין א לויב־געזאנג אויף דעם „ישוב" בכלל און זיינע אויגען ברענען און זיינע בעוועגונגען, נים קוקענדיג אויף זיינע עטליכע און פופציג יאהר, ווערען פלינק און יונג ווי ביי א פופצעהן יעהריגען בחור'ל.

ער איז געקומען אין ארץ ישראל מעהר ווי דרייסיג יאהר צוריק. אין יאפא איז דאן א איד נים זיכער געווען אליין ארויסצוגעהן אויף דער גאס.

הויבט ער אן צו דערצעהלען זיינע ערפאהרונגען, ערנסטע און קאמישע, פון זיינע ערשטע פיאנער־טעג אין די קאלאניעס. דערמאנט ער זיך אן דער מלחמה וואס ער האט געהאט אמאל מיט שאקאלען. אויף זיין גורל איז אויסגעפאלען צו ברענגען פלייש פון יאפא פאר די קאלאניסטען. עס איז געווען שפעט ביי נאכט, דער וואגען איז געווען א צרה־דיגער און דער פערד הויט און ביינער.

דאס פלייש איז געלעגען צוגעדעקט אויפ'ן וואגען און ער אליין האט געבראדזשעט אין זאמד און האט „געוויאקעט" זיין מאגערען געשפאן. האבען די שאקאלען דערשמעקט דאס פלייש און האבען ארומגערינגעלט דעם ווא־

גען, און ער האט זיך מיט א גרויסען שטעקען געמוזט
וועהרען קעגען זיי.

אזוי ריידענדיג קומען מיר צו אונזער פאנסיאן און
דער פיאנער־פעדאגאג־באנק־בעאמטער צוזעגענט זיך
האסטיג מיט מיר:

— איך וויל נאך ארייכנכאפען א האלבע שעה אויפ'ן
„מלון"...

# XX.

# אַרום טיש

דער סעזאָן פון טוריסטען איז נאָך ניט אין פולען גאַנג. דאָס וועט ערשט זיין אַרום פסח־צייט. אָבער אין אונזער פּאַנסיאָן זיינען די טישען כמעט תמיד בעזעצט.

שלמה דער בּאַרוועסער תימני — שיך טהוט ער אָן בלויז לכבוד שבת — וואָס וועגט אין גאַנצען פינף־און־זיבעציג פונט שוין צוזאַמען מיט זיין הויכען רויטען פעז, און אַרבייט פאַר דרייען, קען ניט בעוויזען צו בעדיענען אַלע געסט, און די בעל־הבית׳טע, די אַלמנה פון אַ רחובות׳ער פּיאָנער, מיט איהרע קינדער מוזען איהם צוהעלפען.

נעבען מיר זיצט די לעהרערקע פון נעהען אין דעם בית ספר לבנות, אַ הויכע מיידעל שוין אין די עלטערע יאָהרען. איך וויים ניט וואָס אַזוינס איך האָב זיך גע־קענט אַרויסריידען, זי צו ברענגען אויף אַזאַ שרעקליכע מחשבה — אָבער זי האָט זיך אַריינגענומען אין געדאַנ־קען, אַז איך לאַך פון איהר אָפּ. איך מעג ריידען מיט איהר פון די ערנסטסטע און די אונשולדיגסטע זאַכען און זיין דערביי אַזוי פריינדליך און אַזוי אָפּענהאַרציג, ווי

מען קען זיין צו אן עלטערער מיידעל — זי האט מעהר אין מיר קיין אמונה נים.

אז איך דערצעהל איהר וואס פאר הויכע בנינים עס געפינען זיך אין ניו־יארק, פערקרימט זי די ליפען און זאגט: מע פערשטעהט וואס איהר מיינט..., און קעהרט זיך אפ פון מיר מיט א בעליידיגטער מינע. זי זעהט אויס צו זיין א וואוילע־אידישע טאכטער און מיך פערדריסט מיט אן אמת פארוואס זי האט געווארפען אויף מיר אן אומ׳חן.

אנטקעגען אונז זיצט דער יונגער דאקטאר, א דא־רער יונגערמאנטשיקעל מיט בלאנדע וואנצעלעך און מיט מאטע אויגען וואס קוקען מרח־שחורה׳דיג אין טעלער אריין. דערביי זיין ווייבעל, א קליין־געוויקסיגע ברונעט־קע מיט זיסע סאמעטענע אויגען. זיי ריידען נים מיט אונז און נים צווישען זיך א ווארט די גאנצע צייט פון דעם מאהלצייט. אזוי שנעל ווי זיי ווערען פארטיג מיט די פלוימען — אונזער מאהלצייט ענדיגט זיך שטענדיג מיט פלוימען — הויבען זיי זיך אויף פון טיש און פער־שווינדען אין זייער צימער, וואס איז צונלייך דער קא־בינעט וואו דער דאקטאר נעהמט אויף, אדער דארף על פי יושר אויפנעהמען פאציענטען.

ער איז ערשט נים לאנג געקומען אהער פון ערגיץ א שטאדט אין פוילען. ער איז א „רופא למחלות העצבים", וואס דאס מיינט א נערוועז־ספעציאליסט. פון זיין מרה־שחורת דריגג איך, אז די תל־אביב׳ער האבען אייזערנע נערוועז.

לעבט מען דערווייל פון דעם נדן, וואס ער האט געקריגען א צונאב צו די סאמעטענע אויגען.

ניט ווייט פון אונז זיצט דאס פאר פאלק פון דער ליטא. ביידע עסען א סך ברויט און שעמען זיך ווען שלמה פרעגט וואס פאר „מרק" זיי ווילען האבען. זיי קענען ניט א ווארט „לשון קדש" און פיהלען זיך דער־שלאגען. איך וואלט זיי וועלען טרייסטען און זאגען, אז גאט'ס בארמהארציגקייט איז גרויס און אבי די כונה איז גוט מאכט ניט אויס אז מע רעדט אידיש — ציטער איך פאר די לעהרערקע פון נעהען.

שלמה אבער, וועלכער מאטערט זיך מיט אלע זיינע תימנישע כחות זיך אויסצולערנען אידיש, פערכאפט זיך תיכף און פרעגט זיי „וואס פאר זופ?", און די ליטווי־שע פאאר פאלק לעבען אויף.

נעבען זיי זיצט דער הויכער איד פון פעטערבורג, איינער פון די אמאליגע ארויסגעבער פון דעם רוסישען זשורנאל „ניווא". ער איז האלב־טויב און מען מוז איהם ארייגשרייען אין אויער איידער מע קען זיך מיט איהם צוזאמענריידען. ער איז לאנג צווישען אידען ניט געווען און כאפט התפעלות פון אלצדינג וואס איז אידיש, שוין אריינגערעכענט אין כלל די אידישע געריכטען וואס שלמה סערווירט איהם.

אלצדינג איז ביי איהם א סימבאל פון דער אידי־שער אויפלעבונג, אפילו די געהאקטע לעבער מיט שטיק־לעך רעטאך, וואס אונזער בעל־הבית'טע גיט אונז פאר א פארשפייז.

דער גימנאזיסט, א זוהן פון א ווארשאווער סוחר, וואס איז שוין צוויי יאהר אין דעמזעלבינגען קלאס, נים קוקענדיג דערויף וואס ער איז א גרויסער מתמיד, קוקט אויף אונז מיט רויטע אידיאטישע אויגען. אויסער „שלום" זאגט ער צו קיינעם א ווארט נים.

דערפאר די ווייבעל וואס האט אן אפטייק אין קאור נא און איז געקומען אהער זעהן, אויב זי קען נים אריי בערטראגען איהר אפטייק אין תל־אביב — רעדט נאכא־נאנד און דוקא אין דייטש מיט אן אלעקסאנדער אקצענט. זי איז א גרושה אדער אן אלמנה און זוכט, קענטיג, א שידוך.

---

אויף א צווייטען טיש זיצען די „אלטע קונדען".

אויבען־אן זיצט דר.... אן אלטער בחור, וואס איז אהער געקומען פון דער שווייץ, וואו ער האט געמאכט זיין דאקטאראט אויף פילאזאפיע. ער איז דער לעהרער פון תלמוד און אנדערע גענענשטאנדען אין דער גימנאזיע. ער איז אין גאנצען פערטרונקען אין זיין ארבייט. א מאי־דערנער גלגול פון דעם אמאליגען לערנער.

איך האב איהם ליעב פאר זיין ערנסטקייט און פאר זיין עהרליכען אידעאליזם, און בין איהם בזכות זה מוחל זיין שנאה צו אידיש און זיין בעשרענקטקייט בנוגע צו זאכען וואס ליגען אויסער דעם קרייז פון דער גימנאזיע און איהרע טהעטיגקייטען. ער אזוי ווי אלע לעהרערס פון דער גימנאזיע, קוקען אויף דעם דאזיגען אנשטאלט ווי אויף דעם עיקר און דער קווינטעסענץ פון דעם „ישוב"

און בעטראַכטעט זיך, מעהר אדער ווענינער נאַאיוו, פאַר די איינציגע אמת'ע בויערס פון דער אידישער צוקונפט.

אַט־דער קוק פון ביטול אויף אַלצדינג, וואָס איז ניט גימנאַזיע, איז איבערגעגאַנגען פון די לעהרערס אויף די תלמידים. דער מינדסטער שילער קוקט אויף זיך ווי אויף אַ וויכטיגען עלעמענט און אַ עמוד־התוך פון דעם נייעם אידישען לעבען. דער דאָזיגער איבערטריבענער שטאָלץ איז פעראַנטוואָרטליך פאַר אַ סך חוצפה'דיגע אַרויסטרעטען מצד די תלמידים.

---

נעבען דר.... זיצט די שעהנע בוכהאַלטערקע, זי ווייס אַז אַלע קוקען אויף איהרע רונדע אַרעמס און אויף איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען, און מאַכט זיך כלומרשט ניט ווויסענדיג.

די צוויי גרין־פנים'דיגע מיידלעך, לעהרערקעס אין דעם „גן", וואָס זיצען נעבען איהר, זיינען איהר קענטיג שטאַרק מקנא, און פערדעקען זייער קנאה מיט אַן עק־סטרא דאָזע פריינדליכקייט צו זייער שעהנער מיט־עסערקע.

דאַן זיינען דאַ די צוויי מיטגליעדער פון דעם „ועד העיר" פון דער קאָלאָניע „חדרה", וואָס זיינען געקומען אהער וועגען עפּעס אַ קהל'שען ענין. איינער פון זיי, אַ פערעלטערטער איד פון אַ יאָהר פערציג, מיט האַלב־לייי־דיגע יאַסלעס און מיט דעם זכר פון וואַכען־לאַנגע פיבערס טיעף איינגעקאַרבט אין די באַקען — זאָגט אַז איך מוז

דורכאוים בעזוכען „חדרה״. אזא שעהנע און טייערע קאָ־לאָניע איז נאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

ער איז איינער פון די ערשטע וואָס האָבען זיך בעזעצט אין דער זומפּינער געגענד. איינציגווייז און פאָ־מיליענווייז איז דער גרעסטער טייל פון די בראווע פּיאָ־נערען געפאלען קרבנות צו דעם בייזען פיבער, ביז א גאַנ־צער בית עולם איז אָנגעפילט געוואָרען מיט זייערע קברים. די וואָס זיינען געבליבען האָבען די מלחמה ניט אויפגעגעבען.

אין דעם ווייכען באָדען האָבען זיי אייקאַליפּט־בוי־מער געפלאַנצט און די דאָרשטיגע אייקאַליפּטען האָבען די פעסטיגע פייכטיגקייטען אין זיך אריינגעטרונקען און די לופט איז געוואָרען ריין און די פיבער־פערצעהרטע קאָ־לאָניסטען קענען קומען אין תל־אביב ריהמען זייער שעה־נע חדרה...

— — — — — — — — — — — — — — — —

---

איך שטעה און קוק דורכ׳ן פענסטער אויף דעם שטראָם פון גימנאַזיסטען און גלאַט אַזוי דורכגעהער, וואָס ציהען זיך פערביי אונזער פּאַנסיאָן.

בילדעט זיך דאָ ביסלעכווייז א אידישער שמעלצ־טאָפּ? יעדענפאלס ניט אין אויסערליכע זאכען.

מיך שאָקירט די פערשיעדענאַרטיגקייט פון די מלבושים. עפּעס אַזוי ווי יעדער איינער וואָלט אומיסנע געוואָלט אַנהאַלטען די קליידער פון זיין היים, רוסלאַנד, גאַליציען, דייטשלאַנד א. א. וו.

די פערשיעדענארטינקייט ווארפט זיך בעזונדערס אין די אויגען ביי די שילער פון דער גימנאזיע. אויב ניט אין אוניפארם, האבען זייערע בגדים, לכל הפחות, גע־דארפט געהאלטען ווערען אין די גרענעצען פון א געוויסען גראד פון איינהייטליכקייט.

סקאנדאליזירט האבען מיך צוויי שילער, וואס זיי־נען געווען אנגעטהאן אין ר ו ס י ש ע גימנאזיסטישע אוניפארמען...

איבעריגענס, אזוי ווי אין א סך אנדערע פרטים, אזוי אויך אין קליידונג, לופטערט איטליכער אויס אין ארץ ישראל אלע יענע פערבארגענע ראמאנטישע פער־ועלעניסען, וואס ער וואלט אנדערשוואו ענטוועדער זיך געשעמט אדער ניט געוואגט ארויסצוברייגען מכח אל הפועל.

אנוסטען טרעף איך אן דעם אידישען סקיצען־שריי־בער ה... געהט ער אנגעטהאן אין שטייפע גלאנציגע רייט־כאליאוועס. פרעג איך איהם, צי ער רייט. זאגט ער: ניין, נאר עס געהט זיך בעסער אין די דאזיגע רייט־כאליאוועס.

טייטש איך מיר אויס דעם ענין אזוי: דער דאזיגער סקיצען־שרייבער האט מסתמא פון קינדוייז אן געחלומט וועגען רייט־כאליאוועס, וואס ער האט געזעהן דעם פריץ פון שטעדטעל טראגענדיג, און דער חלום פון די כאליא־וועס האט אין איהם געשלומערט יאהרען און צעהנדליגער יאהרען נאכאנאנד, ביז ער איז געקומען אין תל־אביב

און האָט בעשלאָסען זיין לעדערנעם טרים צו פערוויירק־
ליכען...

צוליעב דעמזועלבינגען טעם מסתמא טראָגט פּראָפּע־
סאָר... אוואו ער נעהט אַ רייט־בייטשעל אין דער האַנד.

---

אין די קאָלאָניעס ווידער איז דאָ אַ שטאַרקע טענ־
דענץ אָפּצושאָפען ביסלעכווייז די אייראָפּעאישע בגדים
און זיי פערבייטען אויף — אַראַבישע.

די פּועלים און בעזונדערס די שומרים האָבען שטאַרק
ליעב זיך אָנצוטהאָן ווי בעדואינער. נאָך אַלעמען איז די
בעדואינישע קליידונג נים נאָר פול מיט חן, נאָר אויך
זעהר בעקוועם. די אַרונטערהענגענדע קאָפּ־בעדעקונג איז
אַ נויטיגע בעשיצונג קעגען די בראָטענדע שטראַהלען פון
דער זון, און דער לויזער מאַנטעל איז אָנגענעהם צו טראָ־
גען און לאָזט די גליעדער זיך לייכט און פריי בעוועגען.

די וואָס האָבען נים קיין פולען בעדואינישען גאַר־
ניטור, קריגען ערגעץ וואו אַ מישטיכעל אָדער אַ האַנדטוך
און בינדען עס אַרום מיט אַ שוואַרצען גאַרדין־שטריקעל
אַרום קאָפּ און „שפּיעלען זיך אין בעדואינער".

XXI.

# אין בויען

דער געוועזענער שותף פון דער „גיוואַ" האָט מיך גע־בעטען איך זאָל מיט איהם צוזאַמען געהן בעזוכען די גימ־נאַזיע.

דר. מאָסענזאָהן האָט אתּנז אויפגענומען זעהר פריינד־ליך און אונז געפרעגט, וועלכען קלאַס מיר וואָלטען געוואָלט בייוואוינען.

אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז דער פּעטערבורגער איד איז, במחילת כבודו, אין אידישע זאַכען אַ גרויסער עם הארץ, און אַ חוץ דעם איז ער האַלב־טויב, און עס איז נים איינגעפיהרט אין דער גימנאַזיע אַרויסצושרייען די לעק־ציאָנען דורך אַ מעגאַפאָן — בין איך לכתחילה געבליבען אין אַ פערלעגענהייט. עס איז מיר דעראַן געלעגען, אַז דער בעל־תשובה זאָל אוועקטראָגען פון דער גימנאַזיע דעם בעס־טען איינדרוק. ווי אָבער ברייננט מען עס צו שטאַנד, אַז דער מאַן הערט נים?

בין איך געפאַלען אויף אַ המצאה. איך וועל איהם פיהרען צו דעם קלאַס פון גימנאַסטיק. אויב נים ה ע ר ע ן,

זאל ער כאטש ז ע ה ן, און איך לערן א קל־וחמר: מה דאך דער מיליאנער ר... האט אנגעקוואלען, וועט ע ר אודאי אנקוועלען.

זאג איך דר. מאסענזאהן׳ען, אז מ י ר ווילען זעהען דעם קלאס פון גימנאסטיק. איז, מעשה שטן, יענעם טאג קיין גימנאסטישער קלאס ניט געווען. און עס איז קיין אנ־דער ברירה ניט געבליבען ווי דעם טויבען פעטערבורגער נעהמען צו אבי וועלכען קלאס, אבי איהם ניט אוועקלאזען מיט נארנישט.

האב איך אויסגעקליבען דעם קלאס פון תנ״ך, וואו דר. מאסענזאהן האט פארגעטראגען דעם פינף־און־פער־ציגסטען קאפיטעל פון תהילים, „למנצח על שושנים״.

מען האט אונז אוועקגעזעצט צווישען די תלמידים, מיט תהילים׳ס אין די הענד, און דער אונטעריכט האט זיך אנגעהויבען.

די שעה וואס דער פארטראג האט געדויערט, איז ביי מיר אריבערגעלאפען ווי איין מינוט, איך האב פערגעסען אן מיין שכן און אן דער גאנצער גימנאזיע. אונטער דער שעהנער, זאפטיגער אויססיימשונג פון דר. מאסענזאהן האבען די פסוקים אנגעהויבען צו צאפלען מיט פארביגען לעבען.

די תלמידים זיינען געהאנגען אויף דעם לעהרער׳ס ליפען און די אויפמערקזאמקייט איז ניט געווען קיין געצוואונגענע און על־פי חוב׳דיגע, נאר אן אויפריכטיגע און א בעגייסטערטע.

---

ביי אן אנדער געלעגענהייט האָט מיך דר. צפרוני איינגעלאַדען בייצוואוואוינען זיין קלאַס פון תלמוד.

דער טעקסט איז געווען די משנה אין דעם פרק „חזקת הבתים" אין מסכתא „בבא בתרא": „כל חזקה שאין עמה טענה אינה חזקה".

דר. צפרוני האָט אין געלויפיג־גערשפּראָכענעם העב־רעאיש ערקלערט זיינע שילער און שילערינען דעם יורידישען פּרינציפּ פון „חזקה", און פאַר וואָס „חזקה", אָדער דער בלויזער פאַקט וואָס מע איז אין בעזיץ פון א זאַך, איז אן און פאַר זיך נים גענוג פעסטצושטעלען דאָס רעכט פון אייגענטום. די דאָזיגע חזקה מוז אויך בעגרינ־דעט ווערען דורך א געוויסער לאָגישער טענה.

מיין זכרון האָט געמאַכט א שפּרונג א פּאָאר צעהנד־ליג יאָהר צוריק און האָט מיך געבראַכט אין אן ענגען, נידעריגען חדר'ל. דאָס חדר'ל איז געווען אָהן א פּאָדלאָגע און אין מיטען איז געשטאַנען א לאַנגער הילצערנער טיש. אויבען־אָן אויף אן אויסגעריבענעם בענקעל איז געזעסען אן אלטער, איינגעבויגענער איד מיט א ווייסער באָרד, און האָט זיך געשאָקעלט איבער אן אלטער גמרא. פון ביידע זייטען, אויף לאַנגע בענק, זיינען געזעסען א צעהנדליג קליינע אינגלעך און האָבען זיך געשאָקעלט צו־זאַמען מיט'ן רבי'ן, און נאָכגעזאָגט וואָס ער האָט געזאָגט. א קליינעם טהייל האָבען זיי פערשטאַנען און דעם גרעס־טען טהייל האָבען זיי נים אָנגעהויבען צו פערשטעהן און אין דעם קליינעם חדר'על האָט געהילכט:

„כל חזקה שאין עמה טענה אינה חזקה".

אין איינעם פון די דאזיגע אינגלעך האב איך דער־קענט דעם דערוואקסענעם אידען, וואס איז איצט געזעסען און זיך צוגעהערט, ווי דר. צפרתי, אהן א היטעל, האט פאר א שטילען אויפמערקזאמען קלאס געלאסען אויסגע־טייטשט דעם יורידישען פרינציפ פון „חזקה״.

אפשר וואלט מיין כח־הדמיון געקענט פערכשופ׳ען די שילער און אפילו די שילערינען אין די קליינע אינגלעך פון צעהנדליגע יאהרען צוריק, די קליינע שווארצע פולטען אין א לאנגען ניט־געפארבטען טיש, דעם רייז־געשייערטען מאזאאיק־פלאסטער אין א פארלאגע פון קויטיגער ערד, דעם „גלוי־ראש״ פון דר. צפרוני אין מיין רבינ׳ס בעפע־דערטע יארמאלקע — האט מיך אבער געשטערט די ספרדישע הברה. דער „פתח״ קעגען וועלכען איך האב א פאראורטייל נאך פון אלטע צייטען אז, האט זיך אזוי אפט ווידערהאלט אין די ווערטער „חזקה״ (חאזאקא), „טענה״ (טאינא) א. ז. וו., אז מיין איינבילדונג האט בשום אופן ניט געקענט פערוואנדלען דעם תלמוד־לעה־רער פון דער הרצליה אין דעם ק מ צ ׳ ד י נ ע ן גמרא־מלמד פון מיין קינדהייט.

ביי די פראגעס וואס דר. צפרוני האט געשטעלט זיין קלאס, האט זיך מעהר פון אלע אויסגעצייכענט א מיידעל פון זעכצעהן יאהר, מיט שווארצע טיעף־ערנסטע אויגען...

---

**דער אונטעררוכט אין דער גימנאזיע אין פאר ביי־**

דע געשלעכטען צוזאמען. בחורים און מיידלעך זיצען אויף איין באנק, איינער נעבען אנדערען.

די גרינדער און לעהרער פון דער גימנאזיע האבען אלע זייערע בעגריפען וועגען ערציהונג גענומען, קענטיג, פון דער שווייץ, וואו די מעהרסטע פון זיי האבען זייערע דאקטאר־דיפלאמען געקריגען, און גלויבען אז אנהויבען מוז מען תמיד מיט דעם „לעצטען ווארט".

אין די פעראייניגטע שטאאטען, וואו דער אומגאנג צווישען מענער און פרויען אין דעם געוועהנליכען לעבען איז פרייער, מיר דאכט, ווי אין אלע לענדער פון דער וועלט, איז דאך צוזאמען־אונטערריכט (Co-Educational System) נאך אויך ניט מעהר ווי א פראבע, און עס וואלט אפשר ניט געשאדט, אויב די תל־אביב'ער גימנאזיע וואלט זיך ניט אזוי געאיילט איינ־צופיהרען א סיסטעם וואס קען גיכער אויסגעטייטשט ווערען ווי דער אולטרא־ראדיקאליזם פון דעם געוועזענעם ישיבה־בחור, איידער ווי א סימן פון געזונדע פארטגע־שריטענקייט.

— — — — — — — — — — — — — — —

איך האב בעזוכט די לשכת העבודה (ארבייט ביורא) וואס די פועלי־ציון האלטען אויף אין יאפא.

די איינוואנדערונג האט זיך די לעצטע צייט זעהר שטארק פערגרעסערט. א היבשען חלק אין דער דאזיגער פערגרעסערונג האט די רוסישע שיף־געזעלשאפט, וואס האט ארונטערגעלאזען דעם מקח פון שיפסקארטען. די

נסיעה פון אדעס ביז יאפא קאסט איצט סך הכל פער־צעהן רובעל.

קומען אז מיט יעדער שיף א סך יונגע לייט, פאר וועלכע מען דארף געפינען ארבייט אין שטאדט אדער אין די קאלאניעס און דער ענערגישער בלומענפעלד, וואס פערוואלטעט די ארבייט ביורא, האט זיינע הענד פול.

---

די ארבייטס־ביורא דיענט אויך אלס פאסט־אפיס פאר די ארבייטער. א גרויסע צאהל פון זיי קריגען זייערע בריעף אויף דער אדרעס פון דער ביורא.

בלומענפעלד דערצעהלט מיר, אז אויסצוגעפינען דעם אדרעסאט איז ניט תמיד א לייכטע ארבייט. זיין ערפאהרונג האט איהם שוין געמאכט פאר א מומחה אין הלכות אדרעסען. אזעלכע אדרעסען ווי „אפצוגעבען דעם סטאליער", אדער „אפצוגעבען מיין מאן", זיינען ביי איהם א קינדער־שפיעל. לעצטע וואך אבער האט ער גע־האט אן אדרעס „אפצוגעבען דעמזעלביגען".

---

איך בין געווען טשיקאווע צו וויסען וויפיעל פראצענט פון די פועלים, וואס קומען אין פאלעסטינא, פער־בלייבען אויף תמיד. האב איך אויסגעפונען, אז בלויז א קלייגער פראצענט. זיי קומען געוועהנליך אין גרויסע מאסען פאר פסח און צושפרייטען זיך איבער די קא־לאניעס. ארבייט מען בייטאג אין די „ביארעס" און אויף די כרמים, און ביינאכט זינגט מען „יח חי לי" און מע טאנצט ביז מע פאלט פון די פיס, אדער מע שפאצירט

אויף די בערגלעך און צווישען די גערטנער, און עס איז א יום טוב.

פיבערט מען אונטער אביסעל, איז מען עס מקבל באהבה. עס איז דאך ארץ ישראל און די הימלען זיינען אזוי שעהן, און מען איז יונג און מע פייערט די בעפריי־אונג פון דער צוריסענקייט אדער דער וואכעדיגער קליינ־ליכקייט פון דעם לעבען אין דער היים...

געהען אוועק וואכען און מאנאטען. און די שוואַ־כערע, וועלכע זיינען די מעהרערע, ווערען אפהענדיג, פערלירען דעם מוטה און איין טאג בעשליסט מען זיך און מע פאהרט אוועק, ווער אין אמעריקא, ווער אין אפריקא און ווער גאר צוריק אהיים.

ניט אויסגעהאלטען די פראבע...

בלייבען די געלייטערטע, די אויספרובירטע, די קעמפפער און פיאנערען, שלאגען זיי ווארצלען און ווע־רען די בעסטע און געזינדסטע עלעמענטען פון דעם ישוב...

# XXII.

# פאַרשוינען

אין מחנות זיינען זיי געקומען צו דעם טעמפעל
פון נאָהנטען און פון ווייטען איילענדיג; דער שטעמפעל
פון רייגעם גלויבען איז אויף אלעמענס געזיכטער
געווען, און אויף די הערצער ווער קען זיין
א ריכטער?
דאָך מעהר ווי איינער האָט אין ברוסט'ס
געהיימע פאַלטען
געבראַכט די ליבע צו דעם גאָלדנעם קאַלב בעהאַלטען...

---

די צאָהל פון די שילער אין דער גימנאַזיע וואַקסט. צו יעדען קלאַס האָט געמוזט געעפענט ווערען א פאַראַלעל קלאַס. אנדערע קלאַסען האַבען צו צוויי פּאַראַלעלען. עס זיינען דאַ תלמידים פון אלע טהיילען פון אייראָפּא, פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, פון זיד־אַמעריקא, פון אַפּריקא. געוועזן אויך איינער פון שפּאַניען.

צו דערזעלבער צייט קומען כמעט יעדען טאָג אַן נייע מענשען, טהייל אויף א טור, טהייל זיך צו בעזעצען פון תענוג און רוהיגקייט וועגען, און טייל צו טהאָן מסחר. וואו מען קעהרט זיך ווערען געבויט נייע הייזער.

אויף אלע גאסען בעגעגענט מען קעמלען בעלאדען מיט
בוי־שטיינער און עזלען בעהאנגען פוןביידע זייטען מיט
זעק אנגעשאפטען מיט זשוויר.

אזוי שנעל ווי א הויז ווערט פארטיג, איז עס
פערנומען, און דירות זיינען בראנד־טהייער.

---

מיר האבען געזוכט א וואוינונג און האבען בשום
אופן ניט געקענט קריגען. ה' גראזאווסקי האט אונז
רעקאמענדירט אז אלטען פערטערבורגער סוחר, וואס
לעבט פון אלעם פארטיגען, א איד וואס האט אמאל
געשריבען א חבור מים'ן נאמען "זאו המהפך" און האט
איהם אפגעדרוקט אויף אייגענע הוצאות. איצט טראגט
ער זיך ארום מים געוואלדיגע פלענער ווי ארויסצוציהען
בעמישע שטאפען פון מייער־קעפלער.

אזוי ווי דער איד איז אינגאנצען "דיעד דא באבא"
און האט א וואוינונג ווי א פעלד, וועלען מיר אפשר קע־
נען דינגען ביי איהם צוויי צימערען אין גלייכען געלד,
— אזוי זאגט אונזער פריינד גראזאווסקי.

איך כאפ זיך אן. א איד א בעל־חלום, וואס דרוקט
ספרים אויף זיין אייגענעם חשבון, איז פאר אונז ווי
געוואונשען. בערייסען וועט ער ניט. מע וועט נאך אפשר
מוזען זיך שטארק בעטען ער זאל אננעהמען דירה־געלד.

לאזט זיך אויס, אז „זאו המהפך" איז זיך „זאו
המהפך" און דירה־געלד פערגינט זיך דער איד בעטען
פאר צוויי צימערען אזוי פיעל וויפיעל איהם קאסט די
גאנצע וואוינונג. לכתחילה איז ער טאקי ניט געקומען

צוליעב רוחים, אבער אז עס איז יא אזא געיעג אויף דירות אין תל־אביב, פארוואס זאל איהם אויך ניט עפעס צופאלען?...

---

פיכמאן עצה'ט מיר זאלען דינגען א וואוינונג אין „חברה חדשה", א נײ־צוגעבויטען פערטעל פון תל אביב. דאס הויז וואס ער ווייזט אונז אן איז נאך ניט אין גאנ־צען פארטיג, אבער דער אונטערשטער עטאזש איז שוין פערנומען און טאקע פון דעם איינענטהימער אליין.

מיר געפינען דעם בעל־הבית אין הויף. א קורצער, פעסט־געבויטער, ריהרעוודיגער אידעל נעהנטער צו זי־בעציג ווי צו זעכציג, די האאר וויים, אבער די אויגען פריש לעבעדיג. ער דערצעהלט מיר, אז ער קומט פון סי־ביר, איז אמאל געווען אין פילאדעלפיא, האט שוין אויס־גע'מסחר'ט א וועלט. אויף דער עלטער, אז גאט האט איהם געהאלפען און ער האט נענוג פאר זיך און זיין אל־טעמשקע צו לעבען אין נחת און אין פריעדען, איז ער גע־קומען אין תל־אביב. זיצען מיט ליידיגע הענד איז ער ניט געוואוינט, האט ער זיך פון צייט־פערטרייב וועגען אויפגעבויט א דריי־פיער הייזער און פערדינגט זיי.

און פאר איין גאנג פיהרט ער אונז אריין צו זיך און ווייזט אונז זיינע אויוועגס. ער האט ליעב אויוועגס, האט ער זיך איינגעשאפט אלע מינים. איינעם א קאכלע־אויוועג פון שעהנקייט וועגען. דערנאך א אויוועג צו שטע־לען טשאלענט און ביי דער זייט א פראנצויזיש אויוועלע.

— נו ווי געפעלט אייך מיינע אויוועגס?

איך לויב זיי אין טאג אריין און חשבון וויפיעל צעהנדלינגער פראנק מיינע שבחים וועלען מיר איינברייג־גען אויף דירה געלד.

לאזט זיך אויס, אז אויוועגס איז זיך אויוועגס און פאר איין נים־מעבלירטען צימער פערגינט זיך דער איך צו בעטען פינף און זיבעציג פראנק א מאנאט.

פערדריסט מיר שוין מיין לויב־געזאנג צו די אויר־וועגס, אבער עס איז צו שפעט.

---

דער מקח פון גרונד־אייגענטהום איז צעהנפאך גע־שטיגען און עס איז אן אויסכאפעניש אויף לאנד.

מע קויפט ערד אויף שפעקולאציע און מע פערקויפט מיד ליד איידער מע האט נאך א שטר מכירה ארויסגע־נומען. מע דינגט הייזער כדי זיי ווידער צו פערדינגען פאר א העכערען פרייז, און מע בויט הייזער כדי זיי צו פערקויפען איידער דער קאלך וועט נאך טרוקען ווערען: דער כלל — עס רודעלט זיך כמנהג אמעריקא.

איך האב זיך געטראפען מיט א אידען פון הארט־פארד, קאנעקטיקוט. קוים מיר דערלאנגט א שלום־עליכם, הויבט דער איד אן מיר דערצעהלען וואס פאר א גוט לאנד ארץ ישראל איז און גיסט זיך פאנאנדער וועגען „תחית האומה" און „גאולת הארץ" און „כבוש העבודה". אגב אורחא דערצעהלט ער מיר, אז ער האט די אגענטור פון א גרויסער אמעריקאנער פירמא אויף שלעסער און זא־וויעסעס און אנדערע אייזענווארג, וואס מען דארף צום

בויען. א חוץ דעם נעהמט ער אליין אן קאנטראקטען אויף בויען הייזער.

איך האב פערשטאנען, אז דער איך טהוט דא "גוטע ביזנעס", און איך האב ניט געקענט גענוי קלאר ווערען ביי זיך, צי זיינע שבחים זיינען דער רעזולטאט פון זיין מאנאפאל אויף זאוויעסעס, אדער זיינע רוחים זיינען דער נערעכטער לוין פון זיין ציוניזם.

שפעטער האב איך אויסגעפונען, אז דער קאנעקטי־קוטער "בויער" פון דעם נייעם "ישוב" און דער צושטע־לער פון אמעריקאנישע זאוויעסעס, בעשעפטיגט בלויז אראבער ביי זיינע בנינים... די אידישע ארבייטער זיינען צו ראדיקאל — צו ראדיקאל צו ארבייטען פאר הונגער־לוין.

פאר זיך אליין האט דער קאנעקטיקוט'ער „קבלן" (בוי קאנטראקטאר) אויפגעבויט א שעהנעם צוויי שטאָ־קיגען מויער, ניט ווייט פון דער גימנאזיע, איבער דער טהיר אין גרויסע, גאלדענע בוכשטאבען, איז אויפגעשרי־בען דער פסוק פון ישעיה: ו ב נ ו ב ת י ם ו י ש ב ו (און זיי וועלען בויען הייזער און וואוינען אין זיי).

מיט אמת־אמעריקאנישער עניוות האט ער אויס־געלאזט צו דערמאנען דעם נאמען פון דעם בוי־קאנטראק־טאר, וואס ישעיה האט געהאט אין זינען...

פון זיין גרויס איילעניש צו ערפילען די ע ר ש ט ע העלפט פון דערמאזינען פסוק, זיינען אייניגע פון די בנינים, וואס ער האט געבויט, איינגעפאלען איידער די צ ו ו י י ט ע העלפט פון פסוק איז מקוים געווארען.

אין איינעם פון זיינע הייזער האט שיער־שיער גיט פאסירט א שרעקליכער אומגליק. צוליעב דעם דוחק אין דירות, האט א האנד־ווערק שוהלע אריינגעצויגעטן אין דעם בנין איידער ער איז נאך געווען אין גאנצען פארטיג. א האלבע שעה נאך דעם ווי דרייסיג מיידלעך האבען פערלאזען די שוהלע איז דער בנין איינגעפאלען.

הכל כמנהג אמעריקא...

XXIII.

# ווינד־מיהלען

מיין יונגער בעקאנטער, דער גימנאזיסט פון אכטען קלאס וואס איז מיין אינפארמאציאן־ביורא וועגען אלצדינג און אלעמען, זאגט אז איך מוז דורכאוים זעהן דעם אלטען מיכל האלפערן. דאס איז — זאגט ער — איינער פון די מערקווירדיגסטע טיפען וואס מע קען געפינען אין ארץ ישראל.

זיין אין תל־אביב און ניט זעהן מיכל האלפערן איז נאך א גרעסערע שאנד, ווי זיין אין רוים און ניט זעהן דעם פאבסט.

א געבירטיגער איז דערדאזיגער האלפערן פון ווילנא. זיין טאטע איז געווען א פראצענטניק, א שיילאק, וואס איז געווען בעקאנט אין דער גאנצער סביבה מיט זיין מורא׳־דינער קארגשאפט. אז דער קמצן איז געשטארבען, האט ער איבערגעלאזען א פערמעגען פון מעהרערע הונדערט טויזענד רובל און אן איינציגען יורש — זיין זוהן מיכל׳ן.

און דא הויבט זיך אן מיכל׳ס בונטע און אינטערע־סאנטע קאריערע.

קודם כל, האָט דעם קאַרגען׳ס זוהן אָנגעהויבען אַ לעב טהאָן אויפ׳ן גרויסען פוס, געפאָהרען אויף קאַרעטעס נאַשפּיץ, געהאַט אסך משרתים און געוואוינט ווי אַ גראַף.

אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהוליעט, האָט ער גענומען פּלאַנעווען אַלערליי גרויסע אונטערנעהמונגען, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט. צווישען די דאָזיגע פּלענער איז אויך געווען די אַרויסגאַבע פון אַ ריע־זיגער תלמודישער ענציקלאָפּעדיע.

שפּעטער פאָהרט ער אָפּ קיין ארץ ישראל, גרינדעט אַ פאַבריק צוזאַמען מיט אַ שותף און פּטר׳ט אַ גרויסע סומע געלט אין גאָר אַ קורצער צייט. פון יענער צייט, ווערט דערצעהלט, אַז ער אַליין האָט איין מאָל אָנגעפיהרט אַ סטרייק פון די אַרבייטער קעגען זיין אייגענער פאַבריק.

פאַרטיג געוואָרען מיט דער פאַבריק, קעהרט ער זיך אום צוריק אין רוסלאַנד, און וואַרפט זיך אַריין מיט לייב און זעעל אין דער סאַמאָ־אָבאָראָנאַ, די ס. ס. און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען.

נאָך אַ צעהן־צוועלף יאָהר פערבענקט ער זיך ווידער נאָך פּאַלעסטינאַ, און פאָהרט צום צווייטען מאָל אַהין אַוועק.

פון דער גאַנצער ירושה זיינער איז איהם מעהר גאָר־נישט געבליבען און ער מוז זיך און זיין ווייב און קינדער ערנעהרען מיט דעם וואָס ער איז אַ שומר.

אָבער אַז מע קלייבט נדבות פאַר די יונגע טערקען און מיכל האַלפּערן האָט ניט קיין צובראָכענעם „קאַבאַק״ ביי זיין לייב און לעבען — טהוט מיכל האַלפּערן אויס

זיינע גרויסע רוסישע שטיוועל און שענקט זיי אוועק פאר דער טערקישער רעוואלוציאן. און אליין נעהמט ער אוועק בארוועס אהיים.

מיט א פאאר יאהר צוריק שרייבט ער אריין אין א טעגליכער אידישער צייטונג אין ניו יארק „אן אפענעם בריעף״, אין וועלכען ער אפעלירט צו דעם אידישען פאלק, פאר א סומע פון פופצעהן מיליאן דאלאר. פאר דיזאזינע סומע גאראנטירט ער אריבערצובריינגען א מיליאן אידען פון גלות און זיי בעזעצען אין ארץ ישראל.

אויב ער וועט די זאך ניט אויספיהרען, נעהמט ער אליין אויף זיך א שטראף פאראויס, און זאגט צו דעם כלל ישראל, אז ער וועט זיך שיסען.

ער שטעלט זיך איינמאל אוועק אין מיטען גאס אין יאפא מיט א שווערד אין דער האנד און טהוט א געשריי:

— מיר מוזען בעצווינגען אונזער לאנד, איין מאל פאר אלע מאל, עס מוז נעהמען א סוף!

און גלייך אויפ׳ן שטעל, כדי צו בעווייזען אז ער איז גרייט צו טהאן זיין חלק און וועט זיך ניט אפשטעלען פאר קיין זאך, גיט ער זיך אליין א זעץ מיט דער שווערד און האקט זיך שיער ניט ארונטער דעם ארעם.

דאס האט איהם געקאסט שעהנע עטליכע וואכען אין האספיטאל, אבער זיין ענטהוזיאזם האט עס ניט אפגע־קיהלט אויף א האאר.

הערענדיג אזעלכע ספורים, בין איך געוועזען טשיקאווע דעם אלטען צו זעהן און האב געבעטען מיין גימנאזיסט, מיך מיט איהם צוזאמענברענגען, אזוי שנעל ווי מעגליך.

איין טאָג, ווען איך שטעה אָנגעשפּאַרט אויף דער שטיינערנער וועראַנדאַ פון אונזער פּאַנסיאָן, קומט ארויף א מאַן פון א יאָהר פינף און פופציג, מיט ווייסע האָאר וואָס הענגען צופּאַטעלט איבער די שולטערען, א ברייטער ווייסער באָרד, און קליינע שוואַרצע גוטמוטהיגע אויגען וואָס שמייכלען קינדיש. אָנגעטהאָן איז ער געווען אין א ווייסער לויזער בלוזע מיט א ברייטען לעדערנעם גאַר־טעל, און א גראָבען פּילצענעם הוט.

פון ווייטען האָט מען איהם געקענט נעהמען פאַר טאָלסטאָי׳ען.

ער דערנעהנטערט זיך צו מיר:

— שלום ! איהר זייט אדון יהואַש פון אמעריקא ?

— יאָ.

דערלאַנגט ער מיר א ברייטע וואַרעמע האַנד:

— איך בין מיכל האַלפּערן.

איך קווינקעל זיך איהם צו דערמאָנען וועגען זיין אַרטיקעל אין דער ניו יאָרקער צייטונג. איך קלער, ער האָט שוין אודאי פערגעסען אָן דעם, און שעהמט זיך דערמיט... רעד איך האַלבע ווערטער, רונד אַרום, און האָב מורא צו קומען צו דעם עצם ענין.

אָבער ער פערשפּאַרט מיר די אַלע דיפּלאָמאַטישע קונ־צען. ער אַליין לאָזט זיך תיכף אריין מיט מיר אין א שמועס וועגען דעמדאָזיגען פּלאַן, אין וועלכען ער גלויבט איצט אַזוי פעסט ווי ער האָט געגלויבט דאַמאָלס ווען ער האָט זיך געווענדט צום כלל ישראל מיט אַן אָפענעם בריעף.

דער פּלאַן איז קלאָר ווי דער טאָג: „סקאַטאָ־וואָדסטווא"...

אידען דאַרפען זיך נעהמען צו „סקאַטאַוואָדסטווא".
„סקאַטאַוואָדסטווא" פאָדערט כמעט קיין געלד נישט.
„סקאַטאַוואָדסטווא" כפל'ט זיך אַחן אַ שיער אין אַ גאַנץ שנעלער צייט, א. א. וו.

„סקאַטאַוואָדסטווא" וועט אויפבויען דעם אידישען פאָלק און וועט ברענגען די גאולה, מיר מוזען ווערען בע־דואינען.

איך זעה אַז דאָס וואָרט „סקאַטאַוואָדסטווא" איז ביי איהם אַ ליעבלינג־וואָרט.

— די „אידעאַליסטען" — היצט ער זיך פאַנאַנדער — זיינען די איינציגע וואָס האָבען עפּעס אויפגעטהאַן. משה רבינו, קריסטוס, מחמד, לאַיאָלאַ (ער האָט בפרוש געברויכט דעם לעצטען נאָמען), זיינען די איינציגע וואָס האָבען עפּעס אויפגעטהאַן. די „רעאַליסטען" (לשונו ממש) האָבען קיין זאַך אויפ'ן לעבען נים אויפגעטהאַן.

— דאָס לאַנד מוז מען בעצווינגען מיט מאַכט. מלחמה האַלטען מוז מען. בחרבי ובקשתי, אחד העם'ס מרכז רוחני פיהרט צו קיין זאַך ניט, קעמפּפען מוז מען — און זיינע פויסטען באַלען זיך.

דערביי שמייכלען די גוטמוטהיגע קינדישע אויגען אַזוי ווי זיי וואָלטען זאָגען:

— הערט איהם ניט, ער איז בטבע אַ ווייכער, מילדער מענש...

---

ער דערצעהלט מיר, אַז אין דער צייט פון דער ער־

שטער רעוואָלוציאָן פון די יונג־טערקען, האָט ער צוזאַ־מענגעשטעלט אַ אידישע ראַטע, וואָס האָט געזאָלט איבער־נעהמען אויף זיך די שמירה פון דער שטאָדט, און פערנעה־מען דעם פּלאַץ פון די סאָלדאַטען פון דעם יאַפּאַ'ער גאַר־ניזאָן, וועלכע האָבען געזאָלט מאַרשירען קיין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל.

האָט זיך אָבער די רעוואָלוציאָן געענדיגט איידער עס איז דערצו געקומען. געבליבען איז איהם נאָר אַ בילד אויף וועלכען ער איז פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיט אַנ־דערע טערקישע אָפיציערען און אונטער זיין נאָמען שטעהט: “Capitain de la brigade Juive”

(קאַפּיטאַן פון דער אידישער בריגאַדע).

מיין קאַדאַק האָט מיך גענומען רופען: פאָטאָגראַ־פיר דעם „קאַפּיטאַן פון דער אידישער בריגאַדע...” האָב איך דעם נסיון ניט געקענט ביישטעהן.

ער האָט איינגעוויליגט, נאָר בתנאי איך זאָל דאָס בילד קיינמאָל ניט געברויכען פאַר אַ צייטונג אָדער אין דער עפענטליכקייט. אָבער אין די קינדערשע אויגען פון דעם „קאַפּיטאַן” האָט זיך געפיעסטעט די פערבאָרגענע האָפנונג, אַז איך זאָל עובר זיין אויף דעם תנאי...

האָב איך אַרויסגעבראַכט מיין קאַדאַק און מיר זיינען אַרונטער פון דער וועראַנדאַ. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט ניט ווייט פון הויז און די זון האָט איהם תיכף אָפּגעגאָ־סען פון קאָפּ ביז די פיס. אָנגעצילעוועט דעם אַפּאַראַט, אַ קוק געטהאָן אין דעם פּרוב־שייבעל און געזעהן ווי דער אַלטער שמייכעלט גוטמוטהיג אין זיינע ווייכע וואָנצעס.

האָב איך אַ ציה געטהאָן דאָס העקעל און זיך אָפּגעגעבען „מזל־טוב" אויף מיין געלונגענער שטיקעל ארבייט.

שפּעטער מיט טעג ווען איך האָב דעם פילם געלאָזט ענטוויקלען, האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די השגחה האָט מעהר בעשיצט דעם קאַפּיטאַן'ס עניוות ווי ער אליין. שטאָט מיכל האַלפּערן איז ארויסגעקומען אַ מין אַנצוהער־רעניש אויף אַ רוסישען העמדעל מיט אַן אונבעשטימטען פלעק וואָס האָט געזאָלט בעדייטען אַ קאָפּ...

---

אין פערלויף פון דעם געגויען יאָהר וואָס איך האָב פערבראַכט אין ארץ ישראל, האָב איך זיך בעגעגענט מיט נאָך אַנדערע מיטגליעדער פון דאָן קיכאָט'ס משפחה.

איינער פון זיי אַ קאָלאָניסט פון גדרה, אַ איד אין די זיבעציגער, איז געקומען אין רחובות אומיסנע מיך צו זעהן, ווייל — זאָגט ער — ער האָט געהערט אז איך האָב געמאַכט איבערזעצונגען פון תנ"ך אין „זשארגאָן". איז ער מיר געקומען זאָגען, אז ער אליין האָט מיט כמה יאָה־רען צוריק געמאַכט אַן איבערזעצונג פון „שירת האזינו".

מיר שמועסען זיך פאַנאַנדער. דערציעהלט ער מיר אין איין אָטהעם, אז ער איז אַן אייניקעל פון דעם ש"ך, אז ער האָט אַ גרויסע געמישטע ווירטהשאַפט אין „גדרה", און אז ווי אַלט ער איז, ארבייט ער נאָך אין פעלד צו־זאַמען מיט זיינע ארבייטער.

ער שטרעקט אויס זיין אָרעם און הייסט מיר פיהלען.

איך טהו זיין רצון : אייזען־שטאַרק...

שמייכעלט ער :

— הרי אני כבן שבעים שנה (איך בין א מאן פון זיבעציג), און ווי איהר זעהט מיך, קען איך נאך אויך איצט צואקערען א פעלד איינער אליין.

האט ער קינדער?

— יא, א זוהן — און דער שמייכעל פערשווינדט...

— ער טאר אין דער קאלאניע נים זיין. ער געפינט זיך אין גליל... געווען א געשלעג צווישען אידען און אראבער... האט זיך אן אראבער אויף איהם ארויפגעווארפען: א יונג א גבור איז זיין זוהן, האט ער דעם אראבער א קלאפ געטהאן, א צו שטארקען קלאפ, געמיינט בלויז צו פערבלוטיגען, און אויסגעלאזען האט זיך א מארד...

אראבער און אידען האבען זיך דערנאך אריינגעלעגט אין א שלום. די אראבער קענען דעם אלטען. מע האט מיט די גואלי הדם צוזאמען א שעפס געשאכטען און דאס פלייש געגעסען, אבער ווען זיין זוהן זאל זיך בעווייזען, קען מען דאך נים זיכער זיין, עמיצער פון די גואלי הדם זאל נים וועלען איינמאהנען דאס פערגאסענע בלוט...

ארבייט ביי איהם אן אראבער, איינער פון די גואלי הדם, איז ווען ער, דער אלטער, איז אמאל מיט איהם אין פעלד אליין, אויג אויף אויג, דערזעהט ער ווי ביי יענעם צינדט זיך אן א פייערעל און ער איילט זיך אפצוטרעטען.

און אז מיר שמועסען ווייטער, קומען מיר צום עיקר:

ער טראגט זיך שוין פון יאהרען און יאהרען ארום מיט א פלאן ווי אנצושיטען א טייל פון דעם ים־הגדול און עס פערוואנדלען אין יבשה...

אין זיין צואה האט ער בדעה צו לאזען דערויף א גע־

וויסע סומע וואָס זאָל אוועקגעלעגט ווערען אויף פּראָצענט, און פּראָצענט ד'פּראָצענט, און ווען עס וועט זיך אָנזאַמ־לען אַ גרויסער קאַפּיטאַל, זאָל מען זיך נעהמען צו דער ארבייט...

מיין פראגע: צו וואָס אָנפילען אַ טייל פון ים, ווען דריי־פערטעל פון דער יבשה פּוסטעוועט? וויל ער אפילו גארנים הערען.

— מע דאַרף האָבען וואָס מעהר לאַנד...

XXIV.

# אַ בריעף

טהייערער...

... דאָס צו קענען פערשטעהן, מוז מען זיין אין ארץ ישראל. און אפשר קען מען עס גאָר ניט און מע דאַרף עס גאָר ניט פ ע ר ש ט ע ה ן... מע פיהלט עס היע אין דער לופט, מע פיהלט עס אין די אָדערען און אין די מוסקולען און אין יעדער הארצקלאַפּ. אַט די אַלע קשיות וואָס מע האָט אָנגעגרייט פון פריהער, און אויף וועלכע מע האָט ערוואַרט דאָ צו געפינען אַן ענטפער — זיי ווערען דאָ נ י ט פערענטפערט. נאָר דו כאַפּסט זיך אויף איין פריהמאָרגען און דאָס גאַנצע פינסטערע געזינדעל איז מעהר ניטאָ. איבערנאַכט זיינען זיי אַלע פערשוואונדען, ווי אַ וויסטער קאָשמאַר, און קיין זכר איז פון זיי ניט געבליבען...

דו טרויסט ניט. קלערסט אַז ערגעץ האָבען זיי זיך פערלויערט... זוכסטו זיי ווי מיט ליכט און קענסט זיך קוים דערמאָנען ווי זיי האָבען אויסגעזעהן.

דו פערלאַנגסט ניט מעהר אַ פתרון אויף דיין צורי־סענעם חלום. דו זעהסט ארום זיך די פעסטע העלע ווירק־ליכקייט און דו צווייפעלסט אויב דו האָסט נאָר ווען עס איז אַזאַ מין חלום געהאַט.

ארץ ישראל האט איהר איינענע לאגיק, אזוי ווי יע־דער גרויסער גלויבען האט זיין איינענע לאגיק. די ביליגע וואכעדיגע לאגיק הויבט דא נים אן צו טויגען. מיט איהר וועסטו דא גארנישט מאכען...

יענער שווארצער בלייערנער וואלקען וואס איז געהאנגען אויפ'ן געמיטה און האט אפגעשלאפט און אפהענ־דיג געמאכט, איז פון דער העלער ארץ־ישראל'דיגער זון צוקראכען.

איצט ערשט אז איך בין אין ארץ ישראל און מיין נשמה פיהלט זיך זיכער מיט דער צוקונפט, הויב איך אן צו פערשטעהן וויפיעל שווערע שטיינער עס האבען אויף מיין הארצען געדריקט אין גלות... איצט ערשט זעה איך וואס פאר א כח איך האב זיך געמוזט דארט אנטהאן כדי צו גלויבען, כדי נים ארונטערגעשלעפט צו ווע־רען פונ'ם יאוש...

א בריק פון שפינוועבס און אונטען אזא תהום, און ער האט געצויגען און געצויגען...

...ארץ ישראל איז דער עיקר און דער צענטער. אין דער העברעאישער גימנאזיע ווערען אלע געגענשטאנדען געלערענט פון דעם שטאנדפונקט פון ארץ ישראל. אין געאגראפיע, ווערט פאלעסטינא אנגענומען צו זיין דאס היים־לאנד פון די תלמידים, און ממילא דער מיטעל־פונקט פון וועלכען ארויס אלע אנדערע לענדער דארפען געשטר־דירט ווערען.

פאראן דא אויך תלמידים פון רוסלאנד און פון אנ־דערע לענדער, וואס זיינען בלויז געקומען אהער צו ענדי־

גען זייער קורס, און זיך דערנאָך אומצוקעהרען אין זייער געבורטס־שטאָדט. און דאָך האָט זיך ביי זיי אויך שוין ענטוויקעלט אַ דערדאָזיגער קוק אויף ארץ ישראל, ווי אויף דעם נאָפּעל און דעם צענטער פון אַלע לענדער. אַלע דידאָזיגע לענדער זיינען ח ו ץ ־ ל א ר ץ.

האָבען ניט זייערע עלטערען, לעבענדיג אין שנעע־איגע צפון־לענדער, מתפלל געווען נאָך סכות אויף „גשם”, און נאָך פסח אויף „טל”, ווייל אזוי דארף מען מתפלל זיין אין דעם סוב־טראָפּישען ארץ ישראל ? ביי די אַלטע איז עס געווען אַן איינגע׳חזרטע תפלה און אַ בענקענים, ביי די יונגע איז עס אַ לעבעדיגע איבערצייגונג און אַ מר טהינער ווילען.

איך געה אַרויס אויף דער גאַס און קוק זיך אַריין טיעף אין די אויגען פון די אידען וואָס געהען מיר פערביי, איך זעה זייער גאַנג, זייער אויפהויבען דעם קאָפּ, זייער ריידען, זייערע בעוועגונגען, און איך שפיר אַז אַן ענדערונג איז אין זיי פאָרגעקומען. איך שפיר אין זיי אַן „עפּעס” וואָס איך האָב ניט בעמערקט אין קיין אידען אין קיין לאַנד אויף דער וועלט...

דאָס איז זיי געקומען מיט דעם אויר פון ארץ ישראל וואָס זיי אָטהעמען אין זיך אַריין, דאָס האָבען זיי געקריגען ווען זייער פוס־זויהל האָט די ערד פון זייערע עלטערען בעריהרט. אויף זייער פוס־זויהל האָט עס דידאָזיגע ערד הונדערטער און הונדערטער יאָהרען געוואַרט, און ווי זיי האָבען דעם באָדען בעריהרט, זיינען פערבאָרגענע זאַפטען אַרויסגעקוואָלען פון די טיעפעניסען און האָבען זיך אין זיי

אריינגעגאסען, און האבען זייערע נשמות בעפרוכפערט און זייערע הערצער געשטארקט... האט זיך דער רוקען אזוי ווי מיט א כישוף אויסגעגלייכט, און די אויגען האבען אזוי ווי דורך א וואונדער זיך אנגעפילט מיט מוטהינקייט און מיט ווירדע, און די הענד און אלע אברים זיינען געווארען פרייער, זיכערער...

פאלק און לאנד האבען זיך צוזאמענגעטראפען, און די בעגעגענים פון דעם לאנג־צעשיידטען צווילינג איז געשעהן אזוי ספאנטאן, אזוי פול מיט לוסטיגען אימפעט, ווי די בעגעגענים פון א כעמישען זווג...

...דן וואוינסט איצט און איך האב ביז מיט א פאאר מאנאטען צוריק געוואוינט, אין א לאנד, וואו אידען זיינען פריי, זעהר פריי, רייך, זעהר רייך. מיר האבעןביידע געזעהן ווי אונזערע ברידער האבען זיך רחבות'דיג צולעגט אין דער גרעסטער שטאדט פון אמעריקא, און אנגעקוואלען האבען מיר ווען מיר האבען געזעהן אין די טראמוויים און אין די „סאבוועים" פון ניו יארק, אידען זיצען מיט פאנאנדערגעשפרייטע אידישע צייטונגען ווי ביי זיך אין דער היים.

אבער דעם אויסדרוק וואס די אויגען האבען אין ארץ ישראל, האבען זיי דארט נים... אין ארץ ישראל האבען די אויגען זיך לחלוטין אויפגעהערט אומצודרעהען: וואס וועלען לייט זאגען ?... ס'איז א אידישקייט וואס לעבט אויף זיך און מיט זיך און פיהלט אז א דין וחשבון דארף זי קיינעם ניט אפגעבען אחוץ זיך אליין, א אידישקייט וואס ציהט פאנאנ־

דער די גליעדער און גרייט זיך צו טהאן גרויסע זאכען...

ניין, דו האסט נים געטראָפען, איך בין נים פער־בלענדט: נים אלע וואס קומען אין ארץ ישראל, זיינען ביי מיר העלדען און אידעאַליסטען. אבער דאס איז דאך כלל נים וויכטיג... אנזעצעריי נעהם דאך נים אי־בער בירושה און א דור המדבר מוז זיין.

זאלען זיי נאר קומען אסך, אסך. די צייט דרענגט און מע קען זיך נים שטעלען קלייבען. די גוטע זיינען אפט שוואך אויף די פיס. מיר דארפען נאר צאהל, כמות — די איכות נעהם אונז ווייניג דעראן. פון מיי־נעטוועגען פערד־גנבים, דעם פערד־גנב׳ס זיידע איז א שעהנער איד געוועזען, און דעם פערד־גנב׳ס זוהן אדער אייניקעל וועט זיין א געזונדער גוטער ארץ־ישראל׳דיגער בחור...

בעגעגען איך איינעם פון יענע קליינע נפשות׳לעך וואס זעהען אין דעם „ישוב” בלויז א פעלד פאר זייערע פיצימאַנציקע אינטערעסען, וואס שטעלען זיך אויף דעם קארק פון פאלק כדי מע זאל מיינען אז זיי זיינען דער קאפ — אדער איך טרעף זיך מיט איינעם פון יענע שאכער־מאכערס וואס פערטהייערען די ערד און מאכען די מינע פון בויערס און פיאנערען, וואס האבען ציון אויף די לי־פען און דעם עגל הזהב אין די הערצער — ווערט מיר ארץ ישראל נים אויף א האאר ווייניגער ליעב. דיזאזינגע לייט וועלען ארץ ישראל נים פעראומרייניגען אדער פערשווע־כען. ניכער וועט ארץ ישראל לייטערען און רייניגען, אויב

ניט זיי, איז דיעניגע וואס וועלען ארויסגעהן פון זייערע לענדער.

דאס זיינען די פערפוילטע קערנער פון וועלכע עס וועלען ארויס געזונדע, פולע זאנגען.

הינטער יעדען פון דידאזיגע קליינע מיאוס'ע מענשעלעך, זעה איך א שאטען זיך שלייכען, און דער שאטען איז א גאנץ פערשיעדענער פון זיי... דאס איז דער שאטען פון איינעם וואס וועט „הארבען דאס לאנד און וואוינען אויף איהר".

אט זעה, ביי אונז זיינען אויסגעוואקסען „זעלינס" און „רזשיפ דהי בלאדס", מינים וואס מיר האבען קיינמאל ניט געהאט. אזוי האט אמעריקא געלייטערט דאס אידישע פאלק. פאר יעדער מיליאנער — א „גיינגסטער", פאר יעדער „רזשאדזש" — א ווייסע־שקלאפען־הענדלער.

דא אין ארץ ישראל פאסירט אט־וואס :

א יונגער בחור, א זוהן פון רייכע עלטערען אין א גרויסער שטאדט אין רוסלאנד, איז ארוים לתרבות רעה. ער האט זיך אנגעהויבען חבר'ען מיט גאס־יונגען און מיט אויסוואורפען ביז ער איז אליין געווארען א גנב און א הוליגאן פון ערגסטען סארט. פערוועלט זיך איהם מיט אמאל פרובירען ארץ ישראל. דאס האלב־בעדואינישע לעבען פון די שומרים אפעלירט צו זיין ווילדער אומרוהיגער נאטור. שיסען קען ער גוט און רייטען רייט ער ווי דער טייוועל אליין. באט ער זיך אן צו דער ארגאניזאציע פון „השומר" און ווערט אריינגענומען.

איצט איז ער איינער פון די איבערגעבענסטע און אידעאַליסטישסטע חברים פון דערדאָזיגער העלדישער גרופּע.

ארץ ישראל האָט איהם מתקן געווען...

אין ארץ ישראל וועט די גאַנצע אידישקייט געפינען איהר תקון. די פרייד און די ליכטיגקייט פון תורת משה און פון די נביאים, איז פערפינסטערט געוואָרען מיט שרעק און מיט בילדער פון טויט... פערצויגען געוואָרען מיט אַ דיקען שפּינוועבס פון מרה שחורה. אַזוי ווי די אידען האָבען אומגעוואַנדערט אין גלות, אַזוי האָט די שכינה אומגעוואָגעלט, אַזוי איז דאָס ליכט און די העלקייט פון דעם אַמאָליגען אידישען לעבען פער'מיאוס'ט געוואָרען... אַ נר־תמיד האָט געצאַנקט, און אַ קליין ווינקעלע נעבען ארון קודש, האָט עס פון דעם חושך קוים אָפּגע'גנב'עט... איצט וועט עס ווערען אַ גרויסע זון. די אידישע זוניגקייט און די אידישע פריידיגקייט וועלען געפינען זייער אויסלייזונג.

די קוואַל פון עצבות איז אונמאַכטיגקייט, די קוואַל פון פרייד איז מאַכט. מיר וועלען איצט מעכטיג ווערען און אונזער לעבען וועט זיין א י י ן פרייד.

...וויפיעל כחות וועלען אונז איצט צוקומען! דער גרעסטער טייל פלעגט דאָך אין גיוועץ געהן אויף בויען גהעטאָ־מויערען... אונזערע שטאַרקסטע האָבען געמוזט שומרים ווערען און די טויערען היטען, מע זאָל זיך צו אונז איבערנאַכט ניט אריינרייסען אָדער איבערנאַכט זאָל זיך עמיצער פון אונז ניט ארויס'גנב'ען. אָט די אַלע כחות וועלען איצט בויען תל־אביבס, פלאַנצען אָראַנזשען־גערט־

נער, עפענען אידישע פאבריקען און גרינדען אידישע אוניווערזיטעטען...

אונזער אנקער וועט איצט זיין נים אין דער פערנאנגענהייט, נאר אין דער צוקונפט... נים מעהר: אין דעם נאמען און פאר דעם כבוד פון אונזערע עלטערען, נאר: אין דעם נאמען פון אונזערע קינד'ס־קינדער...

דו וועסט עס קיינמאל נים פערשטעהן, ווייל עס איז נים געמאכט געווארען צו פערשטעהן. קום אהער און עס וועט דיר מיט אמאל אלץ ווערען קלאר און ליכטיג ווי דער אור הגנוז... נאר איין זאך זאלסטו מיטברענגען: ליעבשאפט אדער, לכל הפחות, דעם ווילען צו ליעבען...

האם פערשליסט, און דו וועסט אוועקפאהרען אזוי ווי דו ביזט געקומען... אפשר נאך מיט אנגעזאמעלטען פראַצענט אויף דעם מיטגעבראכטען קרן פון האם און אונצופריעדענהייט און פעהלער־זוכעריי.

און זעה, נאך איין זאך וועל איך דיר זאגען: עס איז איצט די גרויסע התחלה. מע לעגט די ערשטע שטיינער. קום, לאמיר, ווי קליינע קינדער שטעהן און צוקוקען ווי מע בויט א הויז... ד א ר ט איז דאך שוין אלץ פארטיג, אדער כמעט פארטיג.

דייזי...

## XXV.

# משנה מקום

אונזער פריינד גראזאווסקי האט שטארק געוואלט מיר זאלען פערבלייבען וואוינען אין תל אביב. ער איז גע־ ווען זיכער, אז אויב מיר וועלען זיך שוין אפילו בעזעצען אין א קאלאניע, וועלען מיר אויך דארט לאנג ניט אויס־ האלטען. אונז וועט פעהלען די „שטאדט" און מיר וועלען זיך אומקעהרען צו דעם ר א ש י ג ע ן תל־אביב. אבער די ערגסטע נביאות האט ניט מעהר געקענט אפ־ שרעקען אונזער בעשלוס צו פערלאזען דאס שטעדטעל. מיר האבען געבענקט נאך א שטילען, רוהיגען ווינקעל.

די טהירען און די פענסטער פון אונזער פאנסיאן זיי־ נען געווען כמעט שטענדיג אפען. פריה בעגינען פלעגט זיי דער בארוועסער שלמה אויפמאכען, און ערשט שפעט ביי נאכט פלעגט ער זיי צושליסען. די גאס מיט'ן הויז זיינען געווען כמעט איינס. און די מענשען, האט זיך מיר אנגעהויבען אויסצודאכטען, זיינען אויך אזוי: טהיר און טויער אפען, אזוי ווי א רשות הרבים, קיין אינטימע ווינקלען, קיין טיעף געמיט־לעבען, קיין שטימונגען. גע־

רעדט האָט מען, על־פּי רוב, וועגען כלל־זאַכען, וועגען גימנאַזיע, בית ספר לבנות, אַנגלאָ־פּאַלעסטינא באַנק, אגודת נטעים, „ישוב“ און ווידער „ישוב“.

די גאַנצע בעפעלקערונג האָט געלעבט מעהר אויף דער גאַס און אויף די וועראַנדאַס, ווי אין די הייזער. אין מיין צימער האָב איך געקענט הערען דעם טומעל און די הילכיגע געשפּרעכען פון דער גאַס. און קיין אָרט וואו צו קומען צו זיך איז ניט געווען.

די גאַסען פון דעם שטעדטעל זיינען קורצע און ווע־ניג אין צאָהל. איז מען אַרויס אויף אַ שפּאַציער, האָט מען זיך נאָכאַנאַנד אָנגעשטויסען אויף דיזעלביגע מענשען.
איך האָב איין מאָל אומיסנע איבערגעצעהלט. אין איינע דרייסיג מינוטען האָב איך זיך בעגעגענט און גע־„שאַלאָם'ט“ מיט אַ בעקאַנטען לעהרער צוועלף מאָל. ביי יעדער ווינקעל גאַס איז ער מיר אַנטקעגענגעקומען. דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען, האָ־בען מיר זיך ביידע פערשעמט...

---

גראָזען און בלומען זיינען געווען ווייניג. די יונגע ביימלעך וואָס זיינען געשטאַנען פּאַזע גאַס אַרומגעצאַמט מיט ברעטלעך, זיינען געווען מעהר אַ ר י י נ ג ע ־ ש ט ע ק ט ווי אַ ר י י נ ג ע וו א ק ס ע ן אין דער ערד... אַלצדינג איז געווען ניי, געבויט אויף ז א מ ד, קיין סימן פון איינגעוואָרצעלטקייט איז אין ערגעץ ניט געווען צו זעהן...

געווען צייטען ווען תל־אביב האָט זיך מיר אויסגע־

דאכט ווי א גרויסער שעהנער וואקזאל, און די ליכטיגקייט, די נאקעטע, שרייאיגע ליכטיגקייט האט מיר געשטערט און מיך גערייצט...

---

דערווייל זיינען אין די ארומיגע באיארעם די דונקעל־גרינע צווייגען בעשפרינקעלט געווארען מיט ווייס. אין שכנות מיט די לעצטע גילדערנע מאראנצען, האבען זיך צעשפרייט די נייע בליהעכצען און דער ריח פון די בליהעכצען איז געווארען וואס א טאג אלץ זיסער און אלץ שטארקער. פון די באיארעם האט אווארעם ווינדטעל פער־טראגען דעם שמעקעדיגען ריח אין תל־אביב און פון תל־אביב ארוים צום ים־הגדול...

שפעטער — זאגט מען — ווען אלע קווייטען צו־בליהען זיך, קענען די מאטראזען פון שיפען וואס געפינען זיך מיילען און מיילען פון ברעג, שמעקען די זיסקייט פון דעם ריח...

אין מיר דער דופט פון די ארנזש־בליהונגען אין בלוט אריין...

איך האב געוואלט האבען א סך, א סך ארענזשען־דופט צוזאמען מיט א סך רוח און א סך גרינקייט...

---

נאך פריהער האבען מיר זיך בעקענט מיט משה סמי־ליאנסקי, איינער פון די פיאנערען־קאלאניסטען פון רחובות, וואס איז אין דער העברעאישער ווי אויך אין דער אידישער ליטעראטור, בעוואוסט מיט זיינע סקיצען פונ'ם נייעם ישוב, און מעהר נאך מיט זיינע מעשה'לעך פון דעם

אראבישען לעבען, אונטער דעם נאמען „חאוואדזשא מוּ־סאה". „חאוואדזשא" מיינט „האר" אדער „בעל הבית", און „מוסאה" דאס איז „משה" אין אראביש. רופען איהם זיינע אראבישע ארבייטער „חאוואדזשא מוסאה". האט ער עס גענומען פאר זיין פעדער־נאמען. ער איז א מאן אין די פערציגער, פון מיטעלען וואוקס, פעסט געבויט, מיט א רונד אויסגערויטעלט פנים ארומגעראהמט מיט א שווארץ שיטער בערדעל, קליינע טיעף־פער׳חלום׳טע אויגען, און א סך פערשלאסענער ענערגיע.

אין יענער צייט איז ער, אזוי ווי א סך אנדערע פראמינענטע קאלאניסטען, געווען פערוויקעלט אין א מארד־פראצעס וואס איז ארויסגעוואקסען פון א צוזאמענשטויס צווישען די אידען פון רחובות און די אראבער פון דעם דארף זארנוקא, אין וועלכען איין איד און איין אראבער זיינען דערשאסען געווארען.

די זארנוק׳ער האבען שטענדיג געלעבט בשלום מיט זייערע אידישע שכנים, אחוץ דעם האבען זיי געצויגען זייער חיונה פון רחובות, וואו מע האט זיי געדונגען צו דער ארבייט, און וואו זיי האבען פערקויפט זייערע פראדוקטען. האט זיך אריינגעמישט דער שעיך אבו־חאליב און דאס בייז בלוט איז אריבער און מע האט שלום געמאכט.

דער פראצעס אבער איז שוין געווען אין די הענד פון דער „רעגיערונג", אוןביידע צדדים האבען זיך געצאפעלט ארויסצורייסען זיך פון די נעגעל פון טערקישער „גערעכ־טיגקייט"... די ארעמע זארנוקא איז נאר ארעמער געווארען און דעם רחובות׳ער ועד האט עס אפגעקאסט א שלל מיט

געלט, אחוץ וואס עס האט פערקריפעלט אויף א צייט אלע כלל־ארבייטען פון דער קאלאניע.

סמיליאנסקי פלעגט זיך מוזען אויסבעהאלטען פון די חאיאלען און אין יאפא פלעגט ער קומען בגנבה... ער האט אונז בעזוכט מעהרערע מאל אין פאנסיאן און מיר זיינען געווארען זעהר נאהנט בעפריינדעט. זיין עצה איז געווען, מיר זאלען קומען זיך בעזעצען אין רחובות — די שעהנ־סטע און געזינדסטע קאלאניע פון יהודה.

אז רחובות איז די שעהנסטע און צוגלייך די פארטגעשריטענסטע קאלאניע פון דעם גאנצען „ישוב", איז געווען די מיינונג ניט נאר פון „חאוואדזשא מוסאה", וואס האט אפגעגעבען זיינע בעסטע יאהרען אויף איהר אויפבויאונג, נאר פון אלע מיט וועמען מיר האבען גע־רעדט.

פיכמאן איז געווען ענטהוזיאסטיש פאר רחובות. ער אליין האט געפלאנט דארט צו מאכען זיין היים. פאר דעם צוועק האט ער שוין אונטערהאנדעלט וועגען קויפען א שטיק לאנד. זיין כונה איז געווען זיך בויען דארט א הויז און האבען א גארטען נעבען הויז, און לעבען און שאפען אין רוהיגער התבודדות.

מערקווירדיג, אז נאך זיינע אלע חלומות פון אפגע־זונדערטקייט איז ער איין טאג, זיך ניט זעגענענדיג כמעט מיט קיינעם, אוועקגעפאהרען קיין בערלין צו ווערען דער רעדאקטאר פון א נייעם העברעאישען זשורנאל.

---

איז געבליבען מיר זאלען פאהרען קיין רחובות.

האָט פּיכמאַן געשריבען צו סמילאַנסקי'ן אַז מיר פאָה־
רען אַרויס מיט דער יאַפאַ־ירושלים באַהן קיין רמלה, זאָל
ער בכן אַרויסשיקען אַהין אַ וואַגען אונז אָפּצונעהמען.

עס איז געווען שווער זיך אָפּצושיידען פון אונזערע
נייע פריינד. אָבער אַ האָפנונג איז געווען, אַז מיר וועלען
פון צייט צו צייט קומען קיין תל־אביב.

---

אָנקומענדיג אין רמלה האָבען אונז אַרומגערינגעלט
אַ האַלב־דוצען קרוע־בלוי'עדיגע, באָרוועסע אַראַבער.
איטליכער האָט מיט געוואָלט געוואָלט אַרויסרייסען פון
אונזערע הענד די טשעמאָדאַנעס. דאָס זיינען געווען איי־
זעל־טרייבערס וואָס האָבען זיך אָנגעבאָטען אונז צו ברענ־
גען קיין רחובות.

איך וואַרט און זוך וואו איז סמיליאַנסקי'ס שליח —
מע זעהט ניט און מע הערט ניט. אחוץ וואָס איך האָב
ניט געוואָלט זיך אָנטרויען דידאָזיגע אייזעל־טרייבער אין
די הענד — בין איך קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געריטען,
אויסער אין מיינע גאָר ערשטע יאָהרען — אויף אַ שטעקען.
זיך אָ נ ה ו י ב ע ן לערנען אין רמלה האָב איך קיין
חשק ניט געהאַט.

פאַלט מיר איין, אפשר איז איינער פון די אייזעל־
טרייבער געשיקט פון „חאַוואַדושאַ מוסאַה", וועלכער האָט
אין די פינף און צוואַנציג יאָהר וואָס ער לעבט אין
ארץ ישראל, פערגעסען אַז מע קען ליעב האָבען ארץ ישראל
און דאָך פיינט האָבען אייזלען. מאַך איך מיט די הענד
און גיב צו פערשטעהן אויף זייער ר ע ד ע ו ו ד י נ ע ן

שטום־לשון, אז איך וואַרט אויף אַ צעטעלע פון „חאוואַ־דזשאַ מוסאַה״.

— אַ צעטעלע ? מיט׳ן שעהנסטען כבוד — רופט זיך אָפּ אַן אַלטער וויים־בערדיגער אַראַבער, דאָס הייסט, איך שטויס זיך אָן אַז דאָס זיינען זיינע ווערטער. און טאַקי תכף געהט ער אַוועק אָן אַ זייט און הויבט אויף פון דער ערד, אַזוי אַז איך זאָל ניט זעהן, אַ שטיקעל צוריסענע פּאַפּיער אויף וועלכען עס זיינען געווען אָנגעשריבען אַ פּאָר ווערטער.

— אָט איז דאָס צעטעלע — און דער מויל איז גרייט צו שווערען ביי דער באָרד פון דעם „נביא״, אַז וואָס ער זאָגט איז אמת.

איך ווייס ניט וואָס פון דער געשיכטע וואָלט זיך אויסגעלאָזען, ווען עס בעווייזט זיך ניט מיט אַמאָל מאַח־מוד, דער אַראַבאַדזשי (בעל־עגלה) וואָס סמילאַנסקי האָט געשיקט אונז אַפּצונעהמען.

מיט עכטער אַראַבישער גלייכגילטיגקייט האָט ער די גאַנצע צייט פון דער ווייטען צוגעקוקט ווי מע רייסט אונז פון אַלע זייטען און אָפּגעלעגט זיין אויפטריט ביז צום פינפטען אַקט.

---

אין ערך אַ שעה זיינען מיר געפאָהרען דורך אַ שווע־רען זאַמדיגען וועג. אויף דער איינלאַדונג פון מאַחמוד׳ן זיינען מיר מעהרערע מאָל אַרונטערגעקראָכען פון דעם וואָגען און געדאַנקט אַללאַה פאַר וואָס מיר דאַרפען ניט אונטערשטופּען.

באלד זיינען מיר אריינגעפאהרען צווישען גערטנער. אידישע ארבייטער מיט ברייט־ראנדיגע שטרויענע היט, האבען אויף א מאמענט אויפגעהויבען דעם קאפ, געענט־פערט אויף אונזער „שלום” און ווייטער אנגעגאנגען מיט זייער ארבייט.

מיר זיינען איצט געווען אין דעם תחום פון רחובות. ביז אהער גרייכען די רייטענדע אידישע שומרים ביי דער נאכט.

נאך א פערטעל שעה, און אונזער וואגען האט זיך אפ־געשטעלט נעבען דעם „מלון קליביצקי”.

די קאלאניע איינגעראהמט אין בוים־גערטנער, האט זיך שטיל געווארעמט אין דער פריהלינג־זון. אויף די גאַ־סען זיינען כמעט קיין מענשען ניט געווען און אומעטום איז געווען אויסגעשפרייט א געזונדע צופריעדענע רו־היגקייט.

איך האב געפיהלט, אז דא וועל איך געפינען יענעם ווינקעל, וואס איך האב געזוכט, און דא וועל איך קענען בויען מיין נעסט...

# XXVI.
# רחובות

דריי טעג כמעט אהן א הפסקה איז געגאנגען א שלאקס־רעגען. דאס איז געווען דער אנהויב פון די מלקוש־רעגענס, מיט וועלכע די ערד פון פאלעסטינא טרינקט זיך אן פאר די זעקס מאנאטען פון טריקענים, אזוי ווי א קאמעל טרינקט זיך אן פאר א נסיעה אין מדבר.

איצט איז ווידער געווארען ווארם און זוניג און איך האב א גאנצען נאכמיטאג געשפאצירט אין און ארום דער „מושבה”.

איך בין געקומען ביז צו „רחוב יפו”, און בין אריין אין א ברייטער אלעע בעפלאנצט פון ביידע זייטען מיט אייקאליפטען און מימאזען, וואס די אראבער רופען זיי „שאדזשאר־איל־יאהוד” (אידישע בוימער). איידער ס'איז געקומען דער נייער אידישער „ישוב”, האט מען דיזאזיגע צוויי מינים אין די היגע מקומות ניט אנגעזעהן.

נעבען דער אלעע אין דעם שאטען פון א בוים, זיינען געזעסען א הויפען קליינע מיידעלעך און האבען זיך געשפיעלט.

זיי זיינען אלע געווען היע־געבוירענע. פרישע, גע־

זונדע, פון זון פערברענטע פנים׳לעך און שווארצע עכט־אידישע אויגלעך. פון די אויגלעך האט געלאכט די לעך־בענסלוסטיגקייט און די אמונה אין זיך פון א געזונדטען יונג־געוואָרענעם פאָלק...

— שלום ילדות! (שאַלאָם יעלאדאָט).

— שלום אדוני!

זיי האבען מיך אָנגעקוקט האלב שעמעוודיג, האלב־נייגיעריג. בין איך צוגעגאנגען נעהנטער און האב זיך אריינגעלאָזען מיט זיי אין א שמועס.

פערשטעהט זיך אז אלע האבען גערעדט העברעאיש. דאָס איז די מוטער־שפראך פון די קינדער אין רחובות. און פון זייערע קינדערשע ליפען קלינגט עס שעהן און, איך וואָלט זאָגען, מוזיקאליש, און אזוי נאטירליך, אז אלע טעאָרעטישע טענות אז א שפראך קען מען מיט קונצען ניט אויפלעבען — פערשווינדען פון זיך אליין, ווען מען הערט זיי ריידענדיג.

אין פערלויף פון אונזער געשפרעך האט א מיידעלע פון א יאָהר ניין, ארויסגעזאָגט מיט זיכערקייט אז אין ארץ ישראל זיינען דא מעהר אידען ווי אין אלע מדינות פון דער וועלט צוזאמען.

א חבר׳טע פון א יאָהר צעהן מיט א קאָפּ שווארצע געדיכטע האאר, פערשאָרען ווי ביי אַ אינגעל, און מיט קלוגע ברייט־געעפענטע אויגען, האט ניט אין גאנצען מסכים געווען.

— מעהר ווי פון אלע מדינות — זאָגט זי — יא.

אבער מעהר ווי פון ארץ „רוסיה" נים. דארט זיינען דא אידען מעהר ווי אין גאנץ ארץ ישראל.

— מיט וויפיעל אן ערך מעהר ? — בין איך מש־קאווע צו וויסען.

דער קינדערשער שטערן טהוט זיך אויף א רגע א קנייטש, די שווארצע ברעמען ציהען זיך צוזאמען. דער מח, קענטיג, ארבייט שטארק.

— צ ו ו י י מאל אזוי פיעל ווי אין ארץ ישראל — קומט ענדליך די תשובה.

— און אין אמעריקא ? — לאז איך שוין נים אפ.

— אין אמעריקא ? — לאכען זיי זיך אלע פאנאנדער און די ווייסע געזונדע צייהנער גלימצערען אין דער זונן — אין אמעריקא איז אודאי און אודאי נישא אזוי פיעל אידען ווי עס זיינען פאראן אין ארץ ישראל.

האב איך געקלערעט : נאך אלעמען זיינען אפשר די מיידעלעך גערעכט.

וויפיעל אידען וואס לעבען כלומר'שט אין רוסלאנד און אין אמעריקא, האבען זייערע נשמות דא אין פא־לעסטינא...

---

אזוי שנעל ווי איך בין אפגעגאנגען א פאאר טריט פון זיי, האבען זיי זיך גענומען פאר די הענד און אויסגע־שטעלט אין א ראד. און איינער גאר א קליינינקע האט לאנגזאם געשפרייזט ארום דעם ראד און געזונגען דאס קינדער־ליעדעל :

„אני הולכת אל השדה" (איך געה אין פעלד).

---

א שמאָלער וועג האָט מיך אַרויפגעבראַכט אויף אַ קליינעם בערגעל. דאָס בערגעל איז דער ליעבלינג־פּלאַץ פון דער שפּאַצירענדער יונגוואַרג, און האָט שוין בעוויזען געקרוינט צו ווערען מיט'ן נאָמען גבעת האהבה (ליעבעס־בערגעל).

די שעהנע בלימעלעך וואָס וואַקסען אויף דער „גבעת האהבה", אַזוי ווי זייערע קרובים אומעטום, זיינען בטבע זעהר פערשוויגען. צווישען זיך אָבער האָבען זיי פון אַסך הייסע סודות צו דערצעהלען.

---

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין מיטען בערגעל. מיינע בליקען האָבען געמאָכט שנעלע הקפות איבער דער גאַנצער לאַנדשאַפט, ניט וויסענדיג וואוהין פריהער זיך צו קעהרען...

צו מערב־זייט אַראָפּ אין טהאָל זיינען געלעגען די טונקעל־גרינע ביארעס און מאַנדעל־גערטנער, טרינקענדיג דעם גילדערנעם מבול פון זונענשיין... צווישען די גערטנער און הינטער זיי האָבען זיך געשפּרייט תבואה־פעלדער און לאַנקעס, אין אַלערליי מינים גרין. ווייט־ווייט אַוועק האָט געשימערט אַ געלער גאַרטעל — דער זאַמדינער ברעג פון דעם מיטעללענדישען ים.

פון דער אַנדער זייט פערטונקט אין אייקאַליפּטען, צעדערען, ציפּרעסען און תות־בוימער (מוילבערבוימער), האָט אַנגעקוואָלען פון זיך די שעהנע קאָלאָניע, מיט איהרע ווייס־געקאַלכטע הייזער און איהרע רויטע דעכער. ציכטיג און חנ'עוודיג האָט איטליך הויז צוריקגעשלאָגען די וואַ־

רעמע שטראַהלען, און הינטער און איבער אַלע הייזער, לעהנענדיג איהר רוקען אָן די בלאָע פערשלייערטע הרי יהודה — האָט זיך אויפגעהויבען די איינפאַך־געבויטע שוהל מיט די גרויסע האַלב־רונדע פענסטער...

„און עס וועט געשעהן אין דעם סוף פון די טעג: פעסט וועט שטעהן דער באַרג פון גאָט'ס הויז... און עס וועלען קומען פיעל פעלקער און זיי וועלען זאָגען: קומט לאָמיר אַרויפגעהן צו דעם באַרג פון גאָט, צו דעם הויז פון יעקב'ס האַר, וועט ער אונז לערנען זיינע וועגען און מיר וועלען געהן אין זיינע שטעגען...".

ווער האָט די פסוקים אַריינגעשושקעט אין מיין אויער?...

---

קוקענדיג אויף די מילדע, נעבעל־פערשוואומענע און פער'חלום'טע הרי יהודה, האָט זיך געדאַכט, אז „בערג" איז אַ צו ממשות'דיגער, אַ צו וואָכעדיגער נאָמען... אפשר „נשמות פון בערג"? אויב בערג שטאַרבען און האָבען אַ יענע וועלט, מוזען זיי אויסזעהן אַזוי ווי די הרי יהודה.

ליעגען זיי, אונטער זייער דינעם נעבעל־טוך אַזוי טאָג, אַזוי נאַכט און חלום'ען... די זון קומט און פער־געהט, די שטערען פינקלען און פערלעשען זיך און זיי ליעגען איינגעוויקעלט אין זייער בלאָער „קעפיעה" און חלום'ען... עראינערונגען? האָפנונגען?...

האָט זיך מיט אַמאָל אויסגעוויזען, ווי אַרום, ניט גע־זעהן פון אַן אויג און ניט געהערט פון אַן אויער, ווימלען

גאַנצע מחנות פון בעפליגעלטע חלומות, וואָס פלאַטערען אַרום פון טויזענדער יאָהרען און זוכען אַ תקון...

און אַט וועט מיט אַמאָל אַ הילכיגער שופר אַרויס־שאַלען פון ערגעץ וואו, אפשר טאַקע פון אַט־יענע נעבעל־דיגע בערג, און אַלע חלומות וועלען מיט אַמאָל זיך בע־קליידען מיט פלייש און מיט הויט און וועלען קריגען אַ געשטאַלט, און „דער שרון וועט אַנהויבען זינגען".

די זון האָט זיך דערווייל אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידריגער און נידעריגער. אין די צווייגען האָבען זיך די פויגלען פאַ־נאַנדערגעסווישטשעט מיט גרויס אימפּעט — גלייך ווי זיי וואָלטען וועלען זיך זאָט אָנזינגען איידער די קיהלע נאַכט וועט ביי זיי דעם קול אַפּנעהמען...

אַט שוין האָט דער אונטערשטער ראַנד פון דער גרוי־סער רויטער זון אָנגעריהרט דעם זוים פון דער ערד... דאָס קבר־בערגעל פון „נעבי געגדי" איז אַרויסגעטרעטען אַלץ בולטער און בולטער קעגען דעם מערב־הימעל... לאַנגזאַם איז דער פייערדיגער קויק פערשוואונדען געוואָרען און... דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען דער עכטער זונען־אונטער־גאַנג פון ארץ ישראל..

אַ גאַנצער האַלבער הימעל איז געווען אָנגעצונדען און איז געוואָרען ברענענדיגער פון רגע צו רגע...

הינטער דעם זאַמדיגען ים־ברעג איז די זון געלעגען ווי אַ רואה ואינו נראה און האָט אַלע מינוט אַ נייע פאַרבען־וואונדער בעוויזען...

א קיהל אבענד־ווינטעל האָט אָנגעהויבען בלאָזען פון ים אהער. און דער בין השמשות איז געווען שכור מיט דעם ליידענשאַפטליכען, זיסען גערוך פון די בליהענדע מאַראַנצען... איך בין אַרונטער פון דעם בערגעל און האָב זיך אומגעקעהרט צוריק אין דער קאָלאָניע. איך בין ווידער אריין אין דער אַלעע פון אייקאַליפּטען און מימאָזען.

א קאַראַוואַן מיט קעמלען איז אָנגעקומען אויף דעם וועג וואָס פיהרט פון ועד־חנין. די קעמלען האָבען ריט־מיש געמאַכט מיט די העלזער אַרויף און אַראָפּ, און די גלעקלעך אויף זייערע העלזער האָבען געקלונגען אין דער אָבענד־לופט אַזוי ווי דער אָפּקלאַנג פון א ווייטען חלום...

א'ן אַלטער ווייס־בערדיגער אַראַבער מיט דעם גע־זיכט פון א מדבר־נביא און מיט גרויסע שמוציגע פיס איז פאַרבייגעריטען אויף א קליינעם נידריגען אייזעל... ער איז געריטען לאַנגזאַם אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט טוי־זענד יאָהר צייט צו ענדיגען זיין נסיעה...

פון צווישען די כרמים האָט זיך אָנגעהויבען הערען דער קלאַנג פון די הונגעריגע שאַקאַלען... ערשט איינער, צוויי, דערנאָך אַלע עפּטער און מעהרער אויף איין מאָל...

איך האָב אויפגעהויבען די אויגען צום מזרח און האָב דערזעהן א גרויסע וואַקס־קאָלירטע לבנה. זי האָט האַסטיג געקלעטערט פון הינטער דער שוהל, אַזוי ווי זי וואָלט געלאָפען פערכאַפּען דעם אָרט פון דער זון, וועלכע האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָפּטרעטען דעם פּלאַץ.

צווישען דער זון און דער לבנה איז געגאַנגען א גע־ווער. איין האַלבער הימעל איז געווען בעגאָסען מיט די

רויטע, געלע און גרינליכע פארבען פון דער פערגעהענדער זון און פון דער צווייטער זייט האט די לבנה זיך געפלייסט.
און די קאלאניע איז געלעגען איינגעטוליעט אין איהרע בוימער און האט אין דער טונקעלקייט געטרונקען די בערוישענדע ריחות פון די אראנזשען, און האט געקליבען נחת פון דער קאנקורענץ צווישען זון און לבנה — אלץ כדי ביי איהר נושא חן צו זיין...

# XXVII.
# גלגולים

אין א ווינקעל פון דעם לעדיגען שטיק פלאַץ וואָס איז סאַמע אַקעגען אונזער „מלון", אויף א בערגעל, שטעהט א קליין הילצערנע ביידעל מיט א קליין פענסטערל פון פאַרענט.

פון אַט־דעם ביידעל און דורך אַט־דעם פענסטערל ווערען יעדען אָבענד, פאַר דעם שיין פון א קליין לעמפעל, אויסגעטיילט די בריעף וואָס קומען אַן פון יפו.

ס'הייסט אייגענטליך ווערט די פאָסט צוערשט געבראַכט צו דעם „פאָסטמייסטער", דעם אַלטען בחור טריוואַש, וואָס נעהמט זיין אַהן־שכירות'דיגען אַמט זעהר ערנסט. ערשט נאָך דעם ווי ער קלייבט זיי פאַנאַנדער, געהען זיי איבער אין די הענד פון א אידען מיט'ן נאָמען מאַנאַסטירסקי, וואָס זיין עובדה איז זיי ברענגען צוטראָגען אין דעם הילצערנעם ביידעל און זיי פון דאָרט אויסטיילען.

דער דאָזיגער מאַנאַסטירסקי ארבייט א גאַנצען טאָג אין א פרדס. אז ער קומט צוריק פון דער ארבייט, טהוט ער זיך ערשט א נעהם מיט חשק צו זיין אייגענעם קליי־

נעם גערטעל פון ירקות, וואָס ער האָפט, מיט דער צייט פון איהם נתעשר צו ווערען. בלייבט איהם נאָך אין אָבענד א לעדיגע שעה, וואָס איז א שאָד צו לאָזען גלאַט געהן אין גיוועץ, איז ער אין דער שעה דער מחלק פון די בריעף.

ארום אכט א זייגער ווערט דאָס בערגעל ארוםביידעל הילכיג מיט שטימען פון אידישע טעכטער אָנגעטהאָן אין ווייסען און אידישע בחורים אין בלוזעס מיט גאַרטלען.

שטעהט מען און מען וואַרט ביז דאָס פענסטערל וועט זיך עפענען. דערווייל פלוידערט מען און מע לאַכט אויפ'ן קול און מע קוקט זיך איבער אין דער פינסטערנים, און „בעוואוסטזיניגע פועלים" לאַדען איין אויף א שפּאַציער די טעכטער פון די „בועזים" *)

הויבט נאָר אין מיטען דערינען אָן א שלאַנק מיידעל צו זינגען עפּעס א העברעאיש ליעד און עס ווערט א כאָר און מע פערגעסט אין גאַנצען אָן די בריעף...

---

א פּאָאר טריט פון דעם פּאָסט־ביידעל שטעהען צוויי הויכע סלופּעס. איבער די סלופּעס ליעגט פּאַר קווער א באַלקען, און פון דעם באַלקען הענגט א גלאָק פון וועלכער עס באַמבעלט זיך א שטריק.

פינף מאָל א טאָג קומט אונזוערער א „קרוב פון תימן" מיט לאַנגע, גערדרעהדעלטע פאות, און באַרוועסע שאָקאָ־לאַד־פּאַרביגע פיס, און ציהט דידאָזיגע שטריק. הויבט אָן

---

*) אזוי רופען די פועל־ם אין ארץ ישראל א קאָלאָניסט וואָס אַר בייט אליין נים, נאָר „בועז'ן", וואָס ווערט דערמאָנט אין רות.

די גלאָק צו קלינגען, ביז עס הילכט אַזש אָפּ אין די ווייט־סטע פּרדסים.

צום ערשטען מאָל קלינגט די גלאָק סאַמע אין דער פריה, ווען דער טהוי ליעגט נאָך אויף די ווינשטאָקען, און פון אַלע זייטען פון דער קאָלאָניע הויבען זיך אַן בעוועגען ארבייטער מיט משונה־ברייטע שטרויענע היט אויף די קעפּ, און משונה־גרויסע שטרויענע קוישען אויף די הענד.

די גרויס פון די קוישען איז זיך גלאַט פון רחבות וועגען, ווארום אינעווייניג ליעגט, על פי רוב, ניט מעהר ווי אַ שטיק ברויט פון אַ בין־השמשות׳דיגען קאָליר, ס׳הייסט, ניט שווארץ און ניט ווייס. אין שכנות מיט׳ן ברויט „הויערט" אַ גרויסע ווייס־בייכיגע אוגערקע און אַז גאָט גיט, אַ שטיקעל קעז.

צום צווייטען מאָל קלינגט די גלאָק האַלב צוועלף. און אַז מע הערט דעם הילכיגען קלאַנג ווייס מען, אַז ער־געץ אונטער דעם שאָטען פון מאַראַנצען־ אָדער מאַנדעל־בוימער, זיצען אידישע יונגע לייט בהרחבה און עסען ברויט מיט גרינער אוגערקע, און לאָזען זיך וואוילגעהן אין דער ארץ זבת חלב ודבש...

האַלב איינס קלינגט ווידער:

— גענוג געהוליעט, ברידער, לכו לסבלותיכם...

נעהמט מען זיך ווידער צו דעם גראָב־אייזען.

צום פערטען מאָל קלינגט די גלאָק האַלב זעקס פאַר־נאַכט. די משונה־ברייטע שטרויענע היט בעוועגען זיך ווידער, און צוגלייך די משונה־גרויסע שטרויענע קערב — דאָס מאָל ליידיג ווי נאָך ביעור חמץ.

דערוויייל פאלט צו די נאכט. דער דיליזשאנס איז שוין לאנג אנגעקומען פון יפו און האט אויסגעשאטען די פאסאזשירען, און די בינטלעך, פעקלעך און קעסטלעך מכל המינים, נעבען פאדוא'ס בשמים־קראם. דער אלטער איד מיט דעם ווייסען שפיציגען בערדעל וואס טיילט פאנאנ־דער די „החרות'ן" אזוי שנעל ווי זיי קומען אן מיט'ן די־ליזשאנס, זיצט שוין און לערנט זיין פרק משניות אין שוהל...

פון קלוב הפועלים טראגען זיך געזאנגען אויף אלער־ליי אקטאוועס. נאך א טאג תאחמירען (גראבען) אידישע בוימגעבטנער, און נאך דער פיינער וועטשערע פון טהעע מיט ברויט כיד המלך — איז מען שטארק אויפגעראמט און מע זינגט צום טויזענדסטען מאל „אל יבנה הגליל".

און מיט אמאל ווידער: קלינג־קלאנג, קלינג־קלאנג...

דאס קלינגט די גלאק א סיגנאל פאר די שומרים צו טהאן זייער שטילע אומגעזעהענע ארבייט, כדי די טויזענד נפשות פון דער קאלאניע זאלען קענען שלאפען רוהיג און זיכער, וויסענדיג, אז עס „דרימעלט ניט און שלאפט נים דער אידישער וועכטער"...

---

אחוץ די פינף מאל יעדען טאג, רופט די גלאק צו־זאמען די איינוואוינער פון דער „מושבה" אין דעם גרוי־סען „בית עם", צו דער יעהרליכער אסיפה ווען דער ועד העיר ווערט אויסגעקליבען, אדער צו אנדערע וויכטיגע פערזאמלונגען.

הערט מען די גלאק קלינגענדיג אין אנדערע צייטען,

ביי טאג אדער ביי נאכט, ווייס מען אז ערגעץ אין א פרדס האט אן אומגליק פאסירט. כאפען די איינגערע דאס געווער און מע לאזט זיך אהין לויפען און ביי די עלטערע פאלט איין דאס הארץ...

---

צוליעב דעם גלאק האב איך דעם ערשטען טאג וואס איך בין אנגעקומען אין רחובות געהאט אן אמת'ן שרעק. איך ליעג אזוי האלב אויף און האלב דרעמלענדיג און פיהל דעם זיסען טעם פון „בתוך עמי אנכי יושב", און מיט אמאל — איך בין א פערצאפעלטער געווארען — א קלויסטער־גלאק...

הייסט עס, אז מיר האבען דא א קלויסטער אויך. טא אם כן וואס איז דא מיט דיר די שמחה?... דערביי האבען מיר אנגעהויבען ארויפקומען אויף'ן געדאנקען די קינדערשע זכרונות פון דעם גרויסען גלעלן קאסציאל, מיט די צוויי הויכע טורעמס וואס זיינען געשטאנען ביי אונז אין שטעדטעל, סאמע אקעגען מארק. און אז די גרויסע גלאק וואס איז געהאנגען אין איינעם פון די טורעמס, האט אנגעהויבען קלינגען, פלעגט אויף אונז קינדער אנפאלען אן אימת מות, נאך מעהר ווי ווען מיר פלעגען זעהן דעם אלטען גלח אדער הש״ען ווי דער ארגעל שפיעלט...

---

שפעטער בין איך דערגאנגען, אז נאך אלעמען איז מיין מורא ניט געווען אין גאנצען אהן אן אורזאך. די גלאק איז טאקע אין דער אמת געווען א קלויסטער גלאק, אן אפגעניצטע און אויסבראקירטע קלויסטער־גלאק, וואס דער

„ועד המושבה" האט אפגעקויפט און מגייר געווען פאר אידישע צוועקען.

דאס איז צוגלייך אן ערקלערונג, פארוואס דער קלאנג פערהאקט זיך אפטמאל, און פארוואס עס פאסירט אז צו די צוויי קלאנגען וואס זי דארף געבען על פי יושר, איז זי מוסיף נאך א דריטען, האלב־קלונג, האלב־קרעכץ...

יעדענפאלס לענט זיך ד א ס בעסער אויפ'ן שכל, ווי די ערקלערונג וואס א בעקאנטער קאלאניסט האט מיר געגעבען. ער זאגט, יאקבי, אז דער תימני וואס ציהט די שטריק איז א לא־יוצלח און טויג ניט צו זיין ארבייט.

ס'איז גאר פשוט: די גלאק האט ניט אין גאנצען חוזר בתשובה געווען. איהר בענקט זיך נאכ'ן קלויסטער.

זינט איך האב אויסגעפונען דעם יחוס פון דער גלאק, האב איך אויף איהר געוואָרפען אן אומחן.

איך האב פיינט גרים, בעזונדערס אזעלכע וואס קלינגען.

---

ארץ ישראל איז בכלל א וואונדערבאר פלאץ פאר מגייר זיין און כשר'ן רעכט אידישלעך ניט־אידישע זאכען.

אט למשל די נגונים וואס מע זינגט דא — און גע־זונגען ווערט דא ז ע ה ר פיעל — מע קען דא הערען מאטיוען פון יעדער אומה ולשון. געהט מען צו נעהנטער און הערט מען די ווערטער, געפינט מען אויס אז דאס האט מען געכאפט א רוסישען, דייטשען, ענגלישען, פראנצויזי־שען אדער אמעריקאנישען נגון און איהם איינגעשפאנט אין דעם יאך פון א העברעאישען טעקסט.

מיט א פּאָר טעג צוריק הער איך ווי קליינע קינדער זינגען אונזער אמעריקאנישען „יענקי־דודעל". נאָך א נעהנטערער אויספאָרשונג האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דאָס האָבען זיי געזונגען מיט דעם נגון פון „יענקי־דודעל", דאָס העברעאישע ליעדעל „הנה ככה והנה ככה".

---

דערפאַר אין עקרון, דוקא א קאָלאָניע וואו מע איז פרום און אַלט־מאָדיש, האָט מען אַן עכט אידישע אַנ־שטאַלט גע'שמדט פאַר וואָכעדיגע צוועקען.

ווען איך בין דאָרטען געווען ניט לאַנג צוריק, האָט אונז אַן עלטערער קאָלאָניסט געפיהרט ווייזען די אמאָליגע מקוה וואָס איז איבערגעמאַכט געוואָרען אין א מעלק־בויד.

ארום זיינען געשטאַנען ריין־געוואַשענע צינענע קאַ־נען. יעדען פריה־מאָרגען ווערען זיי אָנגעפילט מיט מילך פריש פון דער קוה און אפּגעפיהרט ביז דער באַהן־סטאַנ־ציע פון ראַמלע. פון דאָרט ווערען זיי אפּגעשיקט קיין יפו.

אויסגעזעהן האָט, אז די קאַנען זיינען שטאַרק צו־פרידען מיט זייער מיסיאָן.

און ניט נאָר די קאַנען האָבען געקליבען נחת וואָס זיי זיינען די טרעגער פון דער „מילך־קולטור". מע האָט גע־קענט זעהן אז אפילו די אַלטע שטיינערנע מקוה, געבויעט פאַר באַראָן ראָטשילד'ס געלד און דורך דעם באַראָן'ס משרתים, קוועלט אַן פון די ווייסע קאַנען, געקויפט פאַר דאָס געלד פון די קאָלאָניסטען — וואָס האָבען פערכאַפּט איהר פּלאַץ.

---

אין דעמזועלביגען עקרון האָב איך, שפּאַצירענדיג דורך דער גאַס דערזעהן אַ בייטעל בלומען נעבען אַ הויז. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט קוקען און האָב עס געהאַלטען פאַר מיין חוב אויסצוגעפינען דעם העברעאישען נאָמען פון איטליכען מין.

אייניגע קינדער זיינען דערביי געשטאַנען. האָב איך ביי זיי געפרעגט. זיי האָבען אָבער ניט געוואוסט מעהר פון מיר.

האָב איך זיך געווענדעט צו אַ 14—15־יעהריגער מיידעל וואָס האָט גראַד דאַן אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אַ דערבייאיגען פענסטער.

איהר תשובה איז געווען קורץ און שאַרף:

— אין שמות לפרחים (בלומען האָבען קיין נעמען ניט).

---

בלומען האָבען אָבער יא נעמען אין ארץ ישראל. און אַנדערע זיינען זעהר פּיקאַנט.

אַט למשל רופט מען דאָס בלומעל „שטיפמוטערל" (אין ענגליש: פּענזי) — „אמנון ותמר".

---

ווי דאָס איז, מיט אַ נאָמען אָדער אָהן אַ נאָמען — די בלומען אין ארץ ישראל וואַקסען ניט געבעטענערהייד. זיי זיינען געוועהנט געווען צו בליהען ווען קיין מוטער־מענש איז דאָ ניט געווען, און די שווירינקייט צו געפינען פאַר זיי אַ נאָמען, וועט זיי פון בליהען ניט אָפּהאַלטען.

און די שעהנסטע בלומען, דאַכט מיר, וואָס וואַקסען

אין ארץ ישראל, זיינען דוקא יענע וועלכע קיינער האָט ניט געפּלאַנצט און אום וועלכע קיינער האָט זיך ניט גע־קימערט...

ניטאָ קיין קוויקענדערע ערשיינונג, ווי צו זעהן אין אדר אָדער ניסן, די פעלדער בוכשטעבליך בעדעקט מיט אַלערליי קאָלירטע בלומען. אַהן שתדלנות וואַקסען זיי, אָהן סטיפּענדיעס פון אַ גיס־קאַן און אָהן דער הילף פון אַ בעל־טובה'דיגען גערטנער. איך האָב זייער גלייכען אין קיין גאָרטען ניט געזעהן, און זיי בעטען זיך:

— נעהם, טייערינקער, פּליק פיעל דו ווילסט אַליין, ס'איז דאָ ברוך השם גענוג, פאַר דיר און פאַר נאָך טויזענדער. און באַלד וועלען קומען די הייסע טעג און מיר וועלען אין גאַנצען פערשוואונדען ווערען.

---

מיך ציהען בעזונדערס צו די רויטע אַנעמאָנען — די שושנת העמקים פון שיר השירים — און די געלע מאַרגע־ריטקעס. נעהם איך איינע פון איטליכען מין און שטעק זיי צוזאַמען אריין אין מיין לאַץ.

דער זווג פון די צוויי שטאַרקע פאַרבען האָט פאַר מיר אַ געוואַלדיגען כשוף.

לאַנג האַלטען זיי ניט אָן, אָבער איך קען מיר פערגינען דעם לוקסוס זיי אַלע ווייִלע איבערצובייטען אויף נייע.

---

ווענען די בלומען אין ארץ ישראל איז פאַראַן אַ מעשה'לע:

חירם דער קעניג פון צור האט געשיקט שלמה המלך'ן א מתנה, א זעהר טייערען מאנטעל פון א וואונדער־שעהנער רויטער פארב. האט זיך שלמה שטארק דערפרעהט מיט דעמדאזיגען מאנטעל און אז ער פלעגט איהם אנטהאן, פלעגט זיך זיין הארץ אנפילען מיט שטאלץ, ווארום קיינמאל אין זיין לעבען האט ער אזא שעהנעם קאליר ניט געזעהן.

געהט ער אזוי איין טאג אנגעקליידט אין דעם טייערען מלבוש, מיט אמאל קומט איהם אן אנטקעגען א קליין מיידעלע מיט א בינטעל פרישע פעלד־בלומען פון אלערליי וואונדערבארע קאלירען. איז דער קעניג געבליבען שטעהן א פערוואונדערטער און ער האט אראפגעווארפען פון זיך זיין מאנטעל און האט אויסגערופען: —

וואס פאר א בעטרעף האבען די שעהנסטע געוועבען פון צור אקעגען די פארביגע קווייטען וואס דער בעשעפער פון דער ערד האט אויסגעשטיקט אויף אלע בערג און אויף אלע טהאלען!...

# XXVIII.

# לאַנדסלייט

באלד נאָך מיין אָנקומען אין רחובות האָט מיך „חאַר־וואדזשא מוסאה" בעקענט מיט מיינעם א „לאַנדסמאַן", אַ יונגער מאַן מיט'ן נאָמען מ... מיט בלאָע נאַאיווע אויגען, און שעהמעוודיגע, כמעט מיידעלשע מאַניערען. אין ניו יארק, וואו ער וואָלט אודאי געווען אַהן אַ באָרד און אַהן וואַנצעס, וואָלט זיך אויפ'ן ערשטען קוק ארויס־געוויזען, אַז ער איז נאָך גאַר יונג. דאָ היט האָט איהם אַ זעניט אויג געמוזט צוערשט אַפּראַזירען, כדי אויסצוגע־פינען ווי אַלט ער איז.

איך דערוויס זיך, אַז צו פערצעהן יאָהר איז דעם שטילען מ... בעפאַלען די וואַנדערלוסט. האָט ער פערלאָ־זען זיין קליין שטעדטעל אין רוסלאַנד און האָט זיך איינער אַליין אַוועקגעלאָזט אין מרחקים — אַזש קיין „קייפּ־טאַון" אין אַפריקאַ.

ער האָט זיך דאָרט אַ סך אַנגעפּלאָגט ביז ער האָט זיך צו עפּעס דערשלאָגען. בלייבען דאָרטען אויף תמיד האָט ער ניט געוואָלט, געבייינקט נאָך דער אידישער

סביבה, איז ער אין אַ פּאָאר יאָהר ארום אַפּגעפאָהרען פון דאָרט קיין אַמעריקאַ.

די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען איןביידע לענ־דער, האָט דער אַמאָליגער לערנער ניט אויפגעהערט זיך אַליין אויסצובילדען אין זיינע פרייע צייטען. ער האָט זיך איינגעקויפט אַ סך ענגלישע און העברעאישע ספרים און האָט פיעל געלייענט און געלערענט.

ס׳האָרץ האָט דעם שטילען, שעהמעוודיגען מ... תמיד געצויגען אַוועק פון דעם הו־הא און דער טומעלדיג־קייט פון דעם אַמעריקאַנישען לעבען...

— און אַ חוץ דעם — זאָגט ער צו מיר — האָב איך אויף שריט און טריט געזעהען, אַז מע האָט אַ אידען פיינט אפילו אין דער פרייער מדינה... איך האָב עס געזעהען אויף די קאָרס און אויף די גאַסען און אומעטום. האָט עס מיר אין האַרצען געשטאָכען און ס׳איז מיר דאָרט ענג געוואָ־רען...

— האָב איך דערשפּירט, אַז פאַר מיר איז ארץ ישראל... בין איך אוועק אין רחובות, האָב געקויפט אַ שטי־קעל ערד און האָב זי אַליין בעאַרבייט, און אַז איך בין גע־קומען צוריק אַז אויסגעמאַטערטער נאָך אַ טאָג שווערע ארבייט, האָב איך זיך אויסגעצויגען אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע און מיין מיעדקייט האָט געהאַט פאַר מיר טעם גן־עדן... דאָס בין איך דאָך פערמאַטערט געוואָרען גראַ־בענדיג מ י י ן , אונזער ערד.

איצט איז מ... דער אייגענטהימער פון אַ גרויסען פּרדס. אַ חוץ ארץ ישראל, אין וועלכער ער איז פערליעבט

מיט לייב און זעעל, איז ער א גוואלדינער חסיד פון עמער־סאן, וועמען ער לאזט ממש פון מויל ניט ארויס... ער האט שוין אפילו געפרובט זיינע עסעים איבערזעצען אין העב־רעאיש.

און אזוי ווי ער האט ליעב ארץ ישראל און עמערסאן אזוי האט ער פיינד ניו יארק.

— וואו נעפינט איהר — טענה'ט ער, ווען מיר ווע־רען אביסעל אינטימער — אזוי פיעל עם־הארצות און „בלאף"? אט נעהמט — זאגט ער מיט א טאן פון „לכם ולא לו" — א י י ע ר ע אידישע צייטונגען.

און אז מיר רעדען זיך פונאנדער, נעהמט ער גאר ארויס אנ'אלטע אידישע צייטונג און לייענט מיר פאר א פעליעטאן, וואס ער האט געשריעבען ווען ער איז גע־ווען אין ניו יארק — א בעשרייבונג פון דעם ים...

---

מ...'ס שווער, אדון ז... איז איינער פון די רייכסטע תושבים פון דער קאלאניע. ער איז אהער געקומען פון שי־קאגא, וואו ער האט אין פערלויף פון די פאאר צעהנדליג יאהר, וואס ער האט דארט געלעבט, אויפגעבויט א גרוי־סע „האלסייל גראסערי" ביזנעס. ז... איז געווען א משכיל־אפיקורס פון דער היים, וואס האט שטארק ליעב געהאט דעם תנ"ך. א גאנצען טאג איז ער געווען ארייננעטהאן מיט לייב און זעעל אין „ביזנעס" און אין געלד־מאכען, אבער אזוי שנעל ווי ער האט געקראגען א ליידיגע מינוט פאר זיך, איז זיין גרעסטער תענוג געווען זיך צו גריבלען אין דער אויסטייטשונג פון א שווערען פסוק פון תנ"ך.

ער האט געהאט בלויז איין קינד, א מיידעל, וואס האט זיך ערצויגען ווי אלע אידישע מיידלעך פון פער־מעגליכע עלטערען אין אמעריקא. דאס מיידעל האט גע־האט איהר „האי־סקוהל” און איהרע חבר'טעס, און דער טאטע האט געמאכט געלד און זיך געגרונטעוועט אין תנ"ך.

אבער אז דאס מיידעל האט געענדיגט האי־סקוהל און עס איז געקומען די צייט א קלעהר צו טהאן מכח א שידוך, האט דער ביבעל־פארשענדער גראסערימאן אפגע־רוקט זיין „לעדזשער” אן א זייט און האט אנגעהויבען מאכען א חשבון הנפש.

ער האט — דערצעהלט ער מיר ביי אונזער ערשטער בעגעגעניש — ניט געקענט פערטראגען דעם געדאנק, אז זיינער אן אייניקעל וועט הייסען „טאם” אדער „דיק”, צו דערזעלבער צייט וואס מיר האבען א תנ"ך פול מיט אזעל־כע שעהנע, פערעלדיגע נעמען, און עס וועט אנקומען מיט צרות צרורות ביז מע וועט איהם איינגעבען א פאאר עס־לעפעלעך „ביבליקאל־היסטארי”...

האט ז... פערקויפט זיין גוט־געהענד געשעפט, גע־נומען זיין ווייב און זיין בת־יחידה, איז אוועק קיין ארץ ישראל און האט זיך בעזעצט אין רחובות.

דא האט ער געקויפט ערד, איז געווארען א „פרדסן” און האט אויפגעבויט פאר זיך א שעהנעם מויער מיט גרויסע ווערענדאס, פון וועלכע מע קען זעהן אי די הרי־יהודה אי די זאמדען פון דעם ים־הגדול.

דא האט די ביבעל־פארשונג פון ז... געקריגען גאר

אַן אַנדער חן. ניטאָ קיין בעסערער פּרוש אויף אַ שווערען קאַפּיטעל פון תנ"ך — ווי די בערג פון יהודה, בעזונדערס ווען מע זעהט זיי פון ז...'ס הויכען באַלקאָן.

---

דער תנ"ך איז דאָך ניט געווען גענוג אויסצופילען די גאַנצע צייט פון דעם קליין־געוויקסיגען אָבער ענערגי־שען שיקאַגאָ'ער האַלסיילער. ער איז ניט געוואוינט גע־ווען צו זיצען מיט פערלעגטע הענד. האָט ער זיך אריינ־געוואָרפען מיט דעם אַלטען אימפּעט אין כלל־ארבייט, האָט געהאָלפען איינפיהרען אין דער קאָלאָניע אַ סיסטעם פון וואַסער־לייטונג, האָט איינגעאָרדענט די פּאָסט און איז אַ צייט לאַנג געווען אַליין דער פּאָסט־מייסטער, האָט זיך פיעל בעשעפטיגט מיט דער אויסבעסערונג פון דער לאַגע פון די תימנים און האָט אויף פערשיעדענע אופנים אַנטייל גענומען אין דער אויפבויאונג פון דער מושבה.

---

דערווייל האָט דאָס מיידעל פון שיקאַגאָ זיך אויס־געלערענט גוט ריידען העברעאיש און איז געוואָרען אַ גר־טע רחובות'ער אידישע טאָכטער.

דער לאַנגישער שדוך איז געווען: דער ניו יאָרקער יונגערמאַן, וואָס האָט פיינד ניו יאָרק, מיט דער טאָכטער פון דעם שיקאַגאָ'ער, וואָס האָט פיינד שיקאַגאָ.

אַ חוץ דעם, האָט אפשר עמערסאָן מיט'ן תנ"ך אויך געהאַט אַ שטיקעל חלק אין צונויפּברענגען די צוויי צדדים...

---

צוזאַמען מיט זיין ווייב, די געוועזענע האַי־סקוהל מיידעל, האָט מ... גענומען שטודירען אגראַנאָמישע ביכער, בעזונדערס אַזעלכע, וואָס האָבען צו טהאָן מיט קאַליפאָרניען, וועלכע איז קלימאַטיש עהנליך צו ארץ ישראל.

אַ סך פון די נייע אַגריקולטורעלע מעטאָדען, מיט וועלכע מ... האָט זיך אַנגעלייענט אין זיינע ספרים, האָט ער טאַקי שוין געפּרובט איינפיהרען אין זיין ניי־געפלאַנצטער באַיאַרע. דער רעזולטאַט פון די עקספּערימענטען איז נאָך דערווייל אין ספק... עלטערע קאָלאָניסטען פערקרימען מיט די ליפּען.

מאַדאַם מ... האָט שוין אַ פּיעל בעסערען ערפאָלג מיט איהר בלומען־גערטעל וואָס זי האָט איינגעפלאַנצט פאַר'ן הויז, אויף וועלכען זי פּאַסט אַליין אויף. פאַראַן דאָרט אַלערליי מינים און די יונגע בעל־הבית'טע איז זעהר שטאָלץ מיט זיי.

---

ניט ווייט פון דעם הויז וואו ז... וואוינט, שטעהט די שעהנע ווילא פון דעם פרומען גביר ס..., וואָס קומט אַהער אַלע יאָהר פון אויסטראַליען אויף אייניגע חדשים. ער איז אַ גרויסער פאַבריקאַנט און מע שאַצט איהם אין מיליאָנען. די גאַנצע צייט, וואָס ער געפינט זיך אין רחובות, זיצט ער כמעט יומם ולילה און לערענט.

הינטער זיין הויז האָט ער געלאָזט איינפלאַנצען אַ פרדס. איך קלער אז דער עיקר זיינען דאָרטען די אתרוג־בוימער.

ס'וועלען אַוועק אַ פּאָאר יאָהר, וועט ער קענען אין

ווייטען „סידני" בענשען אויף א „פרי עץ הדר" צוגעשיקט פון זיין איינענעם בוינגארטען אין ארץ ישראל. דאס איז ז י י ן ספארט.

צוליעב ס... און ז... רופט מען די גאס, וואו זיי וואוינען, „רחוב המיליונירים"...

---

פון ס...'ס צדקות דערצעהלט מען אלערליי געשיכטען. ווי אן אמת פרומער איד גלויבט ער אין געבען צדקה בסתר.

איז, ווען ער קומט דאווענען אין שוהל, לאזט ער אריבער אויף זיין שטענדער א פאאר ענגלישע פונט סטערלינג...

אבער אזוי ווי א סך וואס ווארפען זיך ארום מיט ענגלישע ג א ל ד - מטבעות, זיינען אין רחובות ניטא, געפינט מען עס תיכף אויס...

מעשה שטן.

---

זיך בערא‌טהענדיג מיט מ... וועגען א וואוינונג פאר אונז, האט זיך ארויסגעשטעלט, אז ער אליין האט א הויז, וואס ער קען אונז פערדינגען.

דאס הויז איז אייגענטליך ניט זיינס, אבער עס איז אזוי גוט ווי זיינס. ער איז דער אויפזעהער און דער פערוואלטער. דאס הויז געהערט צו אן אמעריקאנעם און טאקע צו זיינעם א ברודער. דער ברודער זיינער האט א גרויס געשעפט פון מעבעל אין א קליין שטעדטעל אין פענסיל-

וויניא, איהם געהט דארט זעהר גוט, אבער ער האט בדעה פריהער־שפעטער זיך צו בזעצען אין רחובות.

פאר דעם צוליעק האט ער דורך זיין ארץ־ישראל׳־דיגען ברודער שוין בעצייטענס געקויפט א הויז און א שטיק לאנד ארום דעם הויז, און געלאזט דאס לאנד פער־פלאנצען מיט אלע מיני פרוכט־בוימער.

אין א פאאר יאהר ארום וועלען די בוימער זיין פול־געוואקסען, און אז דער ברודער פון פענסילווייניא וועט קומען מיט זיין פאמיליע, וועט ער געפינען אלצדינג גרייט. דער ברודער אליין וואלט געוואלט קומען כאטש שוין. איהם שטעהט שוין לאנג ווי א ביין אין האלז דאס לעבען פערווארפען צווישען גוים. זאגט אבער זיין ווייב, אז מע מוז אפווארטען א פאאר יאהר ביז די קינדער וועלען ענ־דיגען האי־סקוהל. ווארט ער צוליעב שלום־בית.

---

די דאנה וועגען א דירה איז אונז געלעגען ווי א מיהלשטיין אויף׳ן קאפ און אז מיר האבען געהערט פון מ..., אז ער האט פאר אונז א פאסיג הויז, האבען מיר זיך שטארק דערפרעהט. לאזט זיך מיט אמאל אויס, אז אונ־זער שמחה איז געווען אביסעל צו אייליג.

דאס הויז געהערט טאקע מ...׳ס ברודער און מ... איז טאקע דער בעל הבית, אבער אין הויז וואוינט א שכן. און דער שכן וויל בשום אופן ניט ארויסציהען. די וואוינונג געפעלט איהם. איבעריגענס קען מען איהם ניט פערדענ־קען, וואס עס געפעהלט איהם. ווי מ... דערצעהלט, איז דער שכן פרינציפיעל קעגען צאהלען דירה־געלד און אז מע

קומט נאך דירה־געלד, נעהמט זיך זיין ווייב זירלען:

מ. איז א ווייכער מענש. דערשרעקט ער זיך און ציהט זיך צוריק פון שונא'ס לאגער אזוי גיך און אזוי סטראטעד גיש ווי ער קען.

צום אונגליק איז דער שכן א בעל־מלאכה, א מאלער און א קאלכער. טענה'ט ער, אז מ... מוז ארויסנעהמען דאס דירה געלד אין ארבייט. אי עס איז ניטא קיין ארבייט? נעהמט ער און טהוט אן זיין פארטוך, פערקאטשעט די אר־בעל און פארבט אב זיינע אייגענע לאדען אדער ער קאלכט אב די וועגד. נאך אלעמען איז דאך דאס הויז מ...'ס, דארף ער ממילא בעצאהלען פאר'ן מאליעווען און פאר'ן קאל־כען. איז דער חשבון גלייך אויף גלייך. וואלט ער כאטש מאליעווען ווי א מענש, וואלט נאך געווען א האלבע צרה, פארבט ער אבער אן אזעלכע מיתה־משונה'דיגע קאלירען, אז מע קען חלש'ען קוקענדיג.

קען זיך מ... קיין עצה נים געבען.

— אפשר — זאגט ער — וועט מען קענען מיט גר־מען פועל'ן. סמיליאנסקי וועט זיך אויך ארייגלעגען אין דער זאך, און דער קאלכער וועט האבען איינזעהענים.

בלייבט, אז מיר זאלען איבער'פסח'ן אין דעם „מלון".

---

דערווייל זעגען מיר די בני יחידים אין אונזער האָ־טעל. קיין געסט, אויסער אונז, זיינען ניטא, א חוץ ווען־ניט־ווען א ו ו א כ ע ד י ג ע ר דורכפאהרער פון יפו אדער פון א דערבייאיגער קאלאניע, וואס דער בעל־אכסניא קוקט אויף איהם ווי אויף „בעסער ווי גארנישט".

דער עיקר זיינען די טוריסטען, וואס מע קוקט שוין די אויגען אויס אויף זיי א גאנצען ווינטער. אבער ז י י וועלען ערשט קומען שפעטער מיט איינינע וואכען.

בכלל צווישען דעם טוריסט און דעם תושב מאכט מען אין ארץ ישראל א גרויסען אונטערשייד. טוריסטען אליין ווערען איינגעטהיילט אין פערשיעדענע קאטעגא־ריעס. למשל, אין אמעריקאנער און אין געסט פון אנדערע לענדער; אין אזעלכע וואס ברענגען מיט א ס ך טשע־מאדאנעס און אזעלכע וואס קומען בלויז מיט א י י ן טשעמאדאן א. א. וו.

---

צו מיטאג קומען א פאאר קעסטניקעס, וואס וואוינען אין דער קאלאניע.

נעבען מיר זיצט דאס חן'עוודינע יונגע מיידעל מיט די קליינע שווארצע אויגען, לאנגע שווארצע ווימפערען און געדיכטע ברעמען, וואס קומען זיך כמעט צוזאמען איבער דעם געטאקטען נעזעל. זי קומט פון אדעס, וואו זי איז גע־גאנגען אין גימנאזיע. זי וויל ווערען א לעהרערין אין איי־נער פון די שוהלען אין ארץ ישראל און לערנט פלייסיג העברעאיש.

אין דער קורצער צייט וואס זי איז דא האט זי א גרוי־סע פעולה געהאט און האט זיך שוין אויסגעלערענט צו ריידען גאר נישקשה'דיג — אידיש.

---

דאס מיידעל האט דא א פעטער. דאס איז דער וויים־הארינער אלטער, וואס איך זעה איהם אפט פארביינעהן,

אנגעטהאן ווי א פוילישער עקאנאם אין א קורצען יאק און די הויזען אריינגערוקט אין הויכע גלאנציגע רייט־שטיוועל. ער איז א אינזשעניער פון אדעס. מע זאגט יאקבי, אז ער איז שטייןדרייך. אנדערע לייגען נאך צו, אז ער האט זיך אמאל אונטערגע׳שמד׳ט.

ער האט אין רחובות געקויפט א שטיק לאנד און האט עס בעפלאנצט מיט ריצען־אויל בוימער. ער דענקט, אז ארץ ישראל איז בעשטימט צו ווערען אין דער צוקונפט די הויפט־צושטעלערקע פון דעם אוילינען אבפיהר מיטעל.

---

ער איז דאס דער יעניגער, וואס האט „אינזשענירט" דעם שטיינערנעם ארויפגאנג וואס פיהרט צו דעם בער־געל אויף וועלכען עס שטעהט די שוהל. די טרעפ זיינען לכתחילה געמאכט געווארען, כדי די אלטע לייט זאל אנקומען לייכטער צו געהען דאוונען.

אויסגעלאזען אבער האט זיך, אז פאר די זקנים פון דער קאלאניע איז פיעל גרינגער צו געהן מיט׳ן בערגעל ווי מיט׳ן שטיינערנעם ארויפגאנג.

קריכען די אלטע אויף דעם אלטען וועג און די יונגע קלעטערען מיט גרויסע שפרייזען אויף די נייע טרעפ...

# XXIX.

# „ד'הור על חעיל האמר"

הײנט האט אונזער האטעל אומגעריכט געקריגען געהויבענע געסט. די פרוי פון דעם ירושלים'ער פאשא איז געקומען מיט נאך צווײ יונגע דאמען. די מאנסבי־לען האט מען משלח געװען פון דעם פאדער־צימער ביז די פאשא'איכע מיט איהרע בעגלײטערקעס זײנען ארײן אין זײער צימער.

אין האטעל איז באלד געװארען א הו־הא און א לויפענים. אלע װײלע איז פון דעם אימפראװיזירטען הארעם געקומען א נײע בעשטעלונג. אזוי װי א מאנס־ביל האט זיך זײ אויף די אויגען ניט געטארט װײזען, האט נעביך קליביצקי'ס יונגע פרוי געמוזט ארײנטראגען די פולע פלעשלעך ביער און ארויסטראגען די לײדיגע...

פערשטעהט זיך, אז דאס איז געװען אויף דעם חשבון פון דער קאלאניע.

---

כאפען א קוק האבען מיר ערשט געקענט אויף מאר־גען, װען די דרײ דאמען זײנען שוין געזעסען אויף דער געדונגענער קארעטע גרײט אפצופאהרען.

דעם פּאַשאַ'ס ווייב, אַ יונגע ווייכלייביגע טירקינע, האָט געטראָגען אַ ווייסען דורכזיכטיגען יאַשמאַק, פון אונטער וועלכען מע האָט דייטליך געקענט זעהן אַ ווייס רונד געזיכט. פון איבער'ן יאַשמאַק האָבען געברענט אַ פּאָאר טיעפשווארצע אויגען, מיט לאַנגע געדיכט־אַנגע־פאַרבטע ברעמען...

ביי די בעגלייטערקעס איז געווען דאָס געזיכט אָפּ־געדעקט. איינע איז געווען אַ ספּרדישע יונגע פרוי, די ווייב פון דעם אַדוואָקאַט מאַיאַל, וואָס האָט אויסגעזעהן מעהר אַראַביש ווי אידיש. די צווייטע איז געווען אַ שעהנע יונגע טערקישע מיידעל, וואָס איז — ווי מע האָט אויסגעפונען אין האָטעל — ערשט ניט לאַנג צוריק גע־קומען פון פראַנקרייך, וואו זי האָט זיך ערצויגען. ביידע זיינען געווען עלעגאַנט אייראָפּעאיש געקליידעט.

אַלע דריי האָבען פליסיג גערעדט פראַנצויזיש.

---

לכבוד די געסט זיינען געקומען צורייטען די אַראַ־בישע פני פון די אַרומיגע דערפער און האָבען אין פראַנט פון האָטעל געגעבען אַ „פאַנטאַזיאַ", בעוויזענדיג אַלערליי קונצען אויף זייערע פלינקע אַראַבישע פערד. זיי זיינען געפלויגען ווי אַ ווינטער אין געוועט, און אין סאַמע מיטען גאַלאָפּ זיך אויסגעדרעהט אַזוי פלוצים, אַז ס'האָט זיך געדאַכט אַט פאַלען פערד און רייטער צוזאַמען. אַנדערע האָבען אין רעכטען געלויף זיך אַראָפּגעבויגען כדי עפּעס אויפצוהויבען פון דער ערד.

מעהר פאַר אַלעמען האָט זיך געפלייסט אַן אַלטער

גרייז־גראהער שעיד מיט א גרויסען ווייסען טורבאן אויף׳ן קאפ. ער איז געווען ממש ווי צוגעקלעפט צום זאטעל, און די דזשאקים פון „שיפסהעד בעי" וואלטען געשטאר־בען פאר קנאה, ווען זיי זעהען דעמדאזיגען שנעע־בערדי־גען רייטער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

שפעט אין אבענד, ווען מיר זיצען אין דעם שטילען עס־צימער און הערען ווי דער שטארקער ריח פון די בלי־הענדע מאראנצען שלאגט זיך אן די שויבען, שטעלט זיך אפ א רייטער נעבען דעם „מלון". עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין א יונגער שלאנקער בעדו־אינער. ער טראגט א לויזע שווארצע „אבאיע" ענג פער־שפיליעט ביים האלז. א ווייסע ברייטע „קעפיעה" פער־בונדען ארום קאפ מיט א דיקען שווארצען „אגאל" הענגט אראפ אויף די שולטערען. ארום די לענדען א גארטעל מיט קוילען. ביי דער זייט א ברוינינג. אויף די שטי־וועל קלינגענדיגע שפארען.

ער בעשטעלט עפעס צום עסען. דערווייל בעקענען מיר זיך און עס שטעלט זיך ארויס, אז דער בעדואינער רעדט נישקשה׳דיג העברעאיש, שלעכט אידיש און זעהר גוט רוסיש.

זיין נאמען איז י.... זיין פאטער האט א באיארע האלבוועגס פון רחובות קיין ואדי־חנין. זיי לעבען צווישען אראבער און פערטראגען זיך מיט זיי זעהר גוט. א מהיי־ער פאלק די אראבער, מען דארף נאר וויסען ווי מיט זיי אומצוגעהן. אט ער ווייס ווי מיט זיי אומצוגעהן, זיינען

זיי איהם די בעסטע גוטע פריינד. פון זיינעם אז אראַ־
בישען שכן האָט ער דאָס אָפּגעקויפט די שקאַפּע זיינע,
וואָס ער וואָלט ניט פערבייטען פאַר כל הון דעלמא. ריכ־
טיג געדעדט, האָט ער נאָר אָפּגעקויפט איין פוס. דריי
געהערען צום אַלטען בעל הבית.

— איין פוס ?

שמייכעלט ער מיט רחמנות אויף מיין ווייסטער עם־
הארצות און ערקלערט מיר, אַז אַן אַראַבער וועט אויפ׳ן
לעבען ניט פערקויפען אַ שקאַפּע אַוואו ער זאָל ניט אויס־
מאַכען אַ תנאי, אַז איין קיזשאַק אָדער מעהר פון די
וואָס זי וועט האָבען, זאָל געהערען צו איהם. דריי פיס
מיינט דריי קיזשאַקעס. צוערשט נעהמט דער געוועזענער
בעל־הבית זיין אָפּגעמאַכטען חלק. דערנאָך קומט דעם
קונה׳ס רייה.

ליבענדיג די שקאַפּע צוערדט ער זיך וועגען רייטען
בכלל. ניטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט ווי זיך
אוועקלאָזען אין גאַלאָפּ. ניט אומזיסט זאָגען די אַראַ־
בער „ד׳הור על העיל חאמר" — דער רוקען פון אַ
פערד איז וויין.

אויפ׳ן דיליזשאַנס פאָהרט ער קיינמאָל ניט. דאָס
איז פאַר אַלטע לייט און ווייבער. און רייטען האָט ער
ליעב דוקא ביי דער נאַכט. מורא פאַר אַן אַנפאַל ? זאָל
יענער מורא האָבען פאַר איהם. אָט האָט ער און זיינער
אַ יונגער חבר געוואָלט האָבען אַנוסטען שפּאָס, האָבען
זיי געמאַכט אַ כלומרשטיגען אַנפאַל אויף אַ קאַראַוואַן פון
אַראַבישע קעמעל־טרייבער, איז געוואָרען אַ מהומה און

די טרייבערס זיינען צולאָפען אין הוילען שרעק, איבער־לאָזענדיג די קעמלען.

איז ער מיט זיין חבר אוועקגעריטען און זיי האָבען ביידע שטאַרק הנאה געהאַט פון זייער בעדואינישען שפּיצעל.

ער קומט אין רחובות צוליעב דער פּאָסט (און אפשר צוליעב די שעהנע אידישע טעכטער אַרום דער פּאָסט?) און דרך אגב כאַפּט ער זיך אריין אַבים טהאַן אין מלון קליביצקי.

אפשר ווילען מיר קומען אין זייער באַיאַרע און זעהן ווי מע פּאַקט די לעצטע אַראַנזשען?

מיר זאָגען איהם צו און דער בעדואינער געזעגענט זיך מיט אונז, שפּרינגט אַרויף אויף זיין „איין"־פּיסיגע שקאַפּע און ווערט נעלם אין דער פינסטערנים...

# XXX.

# חיות

אזוי ווי איך האב ליעב ארץ ישראל, אזוי האב איך פיינט שלאנגען. אז דר. מאסינזאהן איז, מיט א יאהר פינף צוריק, געקומען אויף א בעזוך קיין אמעריקא, האב איך זיך אנגעכאפט אן דער ערשטער געלעגענהייט איהם א פרעג צו טהאן, ווי שטעהט עס מיט עפעס אין ארץ ישראל מכח שלאנגען.

זיין בעריכט איז געווען:

— אין ארץ ישראל זיינען פאראן גענוי הונדערט פערשיעדענע מינים שלאנגען. אכט און ניינציג פון זיי זיינען נים שעדליך, ניטא זיך וואס פאר זיי צו שרעקען. די איבעריגע צוויי זיינען דוקא יא גיפטיג. נאר...

— נאר וואס?

— נאר א ה ר נ י זאגט, אז די דאזיגע צוויי מינים האט נאך קיין ילוד אשה אין ארץ ישראל נים געזעהן.

און ווער איז אהרני?

אהרני דאס איז דער ארץ־ישראל׳דינער זאאלאג, וואס

געפינט אוים אלע חיות און פויגלען פון ארץ ישראל, און א חוץ דעם געפינט ער אוים פאר איטליכען פון זיי א העברעאישען נאמען, וואס דאס איז נאך שווערער ווי געפינען די חיה אליין.

---

קומענדיג קיין רחובות ווער איך געוואר, אז דער־דאזיגער אהרני וואוינט בסך הכל א שפאן פון אונזער האטעל, און איך האלט עס פאר מיין חוב אריבערצוגעהן צו איהם און איהם פערזענליך בעדאנקען פאר די צוויי סארטען ניפטיגע שלאנגען, וואס ער זאגט, אז מע זעהט זיי אין ארץ ישראל ניט אן.

איך געה ארויף אויף דעם קליינעם בערגעל אקעגען אונזער האטעל; שפרייז דורך דעם מארק, וואו א פאר אראבער זיצען צושפרייט אויף דער ערד און פערקויפען צו די בירגער פון רחובות מאראנצען געגנב׳עט פון רחובות׳ער ביארעס; איך געה פערביי דאס פאסט־ביידעל און די אייקאליפטען; געה אריבער א ברייטע גריבערדיגע גאס, און שטעל זיך אפ נעבען א קליינעם הייזעל.

פון הינטער א הויכען שטאכעט שטעקט א משונה־דיג גרויסער עוף צו מיר אריבער א לאנגען האלז און גלאצט מיך אן מיט רונדע גלעזערנע אויגען. איך בין איהם קענטיג שטארק ניט געפעלען, ווארום איידער איך האב נאך צייט איהם גוט צו בעטראכטען, שפרייזט ער מיט רונזה אוועק צו דעם ווייטסטען ווינקעל פון דער אפ־צאהמונג און וויל מעהר אפילו מיין פנים ניט אנקוקען.

— שלום! מה שלומך? — דער קול קלינגט אזוי ווי א גלאָק און הילכט אָפּ איבער דעם אנטקעגנענדיגען בערגעל און איבער דער גאנצער שטילער קאָלאָניע.

איך דרעה זיך אום און דערזעה פאַר מיר דעם איי־גענטימער פון דעם קול, א הויכען יונגען מאַן מיט א וויי־סען זומער־שפּרינקעלדיגען פּנים, א לאַנגער נאָז, פייער־דיג־רויטע האָר און פייערדיג־רויטע וואָנסעם — כאָטש נעהם און צינד אָן זיי אָן א ציגאַר. אָנגעטהאָן איז ער אין ווייסען, דעם לאַץ פערקנעפּעלט ביז׳ן האַלז, אזוי ווי א סאַניטאַר אָדער א האָספּיטאַל־דאָקטאָר.

ער דערלאַנגט מיר א ווארעמע זומער־שפּרינקעלדיגע האַנד און ווארפט א קוק דאָ אויף מיר און דאָ אויף דעם משונה׳דיגען עוף, פון וועמעס וועגען ער האַלט אין דער צווייטער האַנד א קערבעל מיט יצוהאַקטע קאָקטוס־פּלאַנצען.

איך וואונדער זיך, וואָס די קאַקטוסען זיינען אָהן שפּילקעס.

— דאָס איז מיין אייגענע ערפינדונג, — לאַכט ער. און זיין הילכיגע טענאָר־שטימע קייקעלט זיך אַוועק אַזש ביז צו די הרי יהודה, — אייער לוטהער בורבאַנק פון קאַליפאָרניא האָט געארבייט יאָהרען נאָכאַנאַנד אַרוים־צוברייננען קאַקטוסען אָהן שפּילקעס און עס איז איהם נאָך עד היום ניט אין גאַנצען געלונגען, און איך האָב דעם קונץ בעוויזען אין א פּאָאָר מינוטען. איך האָב פּשוט געברויכט מיין ווייב׳ס האָקמעסער...

ער רעדט באַלד העברעאיש, באַלד דייטש און שווערט

אלע ווײלע אויף אראביש. מיט אידיש וויל ער די ליפּען ניט פּעראומרייניגען. די אידישיסטען—ימח שמם וזכרם.

— וואללאה־איל־אזים (ביי דעם שטארקען אלאה)! שוין צוויי טעג ווי ער — ווייזענדיג אויפ'ן פויגעל, — האט א ביסען אין זיין שנאבעל ניט גענומען. ער לויפט ארום גאנצענע טעג ווי א משוגענער פון איין ווינקעל צום צווייטען און לעבט פון תעניתים... ער בענקט נאך די טרוקענע זאמדען פון דער וויסטע. דא איז איהם צו גריז און צו שעהן. אט וועט איהר באלד זעהן, אז ער וועט דעם זאפּטיגען מאכל אפילו ניט אנריהרען.

אזוי ריידענדיג עפענט דער הויכער אהרני א קליין טהירעל אין דער אפּצאהמונג, בייגט זיך איין כמעט אין דרייען און קריכט אריין אינעווייניג מיט דעם קערבעל קאקטוס אין דער האנד. דער שטרויס־פויגעל קוקט איהם אן מיט די קאלטע גלעזערנע אויגען און ווייזט ניט ארויס דעם מינדעסטען אפּעטיט. דערפאר אבער ווייזט ער יא ארויס א גרויסען חשק דעם בעל־הבית זיינעם מכבד צו זיין מיט א בריק אין בויך... אהרוני איז הפנים גוט בעקאנט מיט זיין האדעוואניק'ס שפּיצלעך און כאפּט זיך האסטיג ארויס דורכ'ן טהירעל.

ער דערצעהלט מיר, אז ער האט זיך יאהרען לאנג ארומגעטראגען מיט דעם פּלאן צו האדעווען אין רחובות שטרויס פויגלען און צו ברייגנען אהער פאר דעם צוועק א פּאאר, ניט פון אפריקא, פון וואנען מע נעהמט זיי געוועהנליך, נאר פון דעם סירישען מדבר. איז ער אהין אוועק און מיט גרויס מיה און מאטערניס איז איהם

געלונגען צו קריגען וואס ער האט געזוכט. דאס ברייני גען די שטרוים־פויגלען אזש פון דער וויסטע ביז רחובות איז אנגעקומען מיט קריעת ים סוף. פאר דעם חברה־ מאן, וואס איך זעה דא, האט מען אויפגעבויט א שטייג פון דיקע ברעטער, האט ער איהם מיט זיינע גרויי סע פיס צובראכען אויף שפענדלעך און געוואלט עוקר זיין. האט מען געמוזט בויען נאך א שטארקערען שטייג.

---

די טהיר פון הויז איז נאסטשעז אפען און לאזט אונז אריין אין א האלב־דונקעלען קארידאר, וואס איז איז צוגלייך די קיך. פון דארט קומען מיר אריין אין איינעם פון די צוויי צימערען, וואס דער פאטער פון דער העברעאישער זאאלאגיע בעוואוינט. דאס צימער דיענט דעם דרייפאכען צוועק פון א עס־שטוב, א קאבינעט אדער ביבליאטהעק און א מוזעאום. דאס איז אלץ געשמועסט ביי טאג, ביי נאכט ווערט עס מגולגל אין א שלאפצימער פאר א טייל פון דעם טהיער־פארשער׳ס משפחה.

די ווענד זיינען בעהאנגען מיט ראהמען, אין וועל־ כע עס זיינען אויפגעשטאכען הונדערט מינים פון אלער־ ליי קאלירטע שמעטערלינגען, זשוקעס, פליגען, שפינען, ביענען און מוראזשקעס — אלע ארץ־ישראל׳דיגע תושבים וואס אהרני האט געכאפט אין זיין לאנג־יעהריגען געיעג נאך די דאזיגע קליינע ברואים׳לעך.

אויף די פאליצעס, אויף די פענסטער און אויף דער ספרים־שאף שטעהען סלאיעס מיט פערשיעדענע מינים איינגעמארינירטע שלאנגען, מייז, יאשטשערקעס,

פרעש און נאך אזעלכע שעהנע בעשעפעניסען, וואס האָ־
בען דעם זיבענטען חן אין די אויגען פון א זאַאָלאָג.

אין די ווינקלען, אונטער דער אפגעריבענער זאפא,
און וואו נאר עס איז דא א ליידיג אָרט שטעהען קעסטלעך
מיט אייעלעך, אויסגעשטאפּטע פויגעלעך און אלערהאנד
זעלטענע חיה'לעך.

הויבט מיר אהרני האסטיג אויסרעכענען די נעמען
פון איטליכען, אין לאטייניש, דייטש און העברעאיש. א
סך העברעאישע נעמען זיינען דא אין די מדרשים, א סך
מוז מען אליין מאכען. דאס פאדערט א גרינדליכע קענ־
טענים פון העברעאיש, א פיינעם חוש פאר דעם גייסט פון
דער שפּראך און אן אינטימע בעקאנטשאפט מיט די איי־
גענטהימליכקייטען פון די בעלי־חיים.

שאפען די העברעאישע טערמינאלאגיע, דאס איז
דער שווערסטער טהייל פון דער ארבייט. ער ארבייט
איצט אויף א זאאלאגישען לעהר־בוך ספּעציעל געמאכט
פאר ארץ־ישראל'דיגע תלמידים. מיט די חיות און פויג־
לען איז ער שוין פארטיג. איצט האלט ער ביי די פישען.

ער דערצעהלט מיר וועגען דער „שפיפון“, א קליי־
נעם גיפטיגען פיפערנאטער, וואס ער האט געטראפען
אויף די וועגען אין דער סירישער וויסטע. דער דאזיגער
„שפיפון“ האט א טבע זיך צו בעהאלטען אין זאמד און
ווארטען ביז עס קומט אן א רייטער. דענסמאל גיט ער
א שפּרונג און בייסט איין דעם פערד'ס פוס.

— די אויספארשונג פון די חיות און עופות אין
ארץ־ישראל, — רעדט ער הילכיג און ארבייט מיט די

הענד ווי א ווינד־מיהל, — העלפט פערשטעהן דעם תנ"ך בעסער און ווייזט־אויף א סך טעותים, מיט וועלכע אונ־זערע עלטערען אין גלות האבען זיך ארומגעטראגען.

— אט נעהמט למשל דעם פסוק „הרחיבי כנשר קרחך". ווי האט מען עס אייך פערטייטשט? מסתמא ווי מיר און ווי אלע אידישע קינדער וואס זיינען געגאנ־גען אין חדר: מאך א גרויסען פליך אויף דעם קאפ אזוי ווי אן אדלער. ווי איז אבער דער דין, אז אן אדלער האט דוקא א שעהנעם קאפ האאר? איז דער תירוץ, אז „נשר" איז גאר ניט קיין אדלער, נאר עס מיינט ווי דאס אראַ־בישע ווארט „ניסר" — א גייער, א קארשון, א פויגעל, וואס האט ניט קיין סימן האאר ניט אויפ'ן קאפ און ניט אויפ'ן האלז. וואס, איהר זייט מסופק? וואללאהי־איל־אזים, איך קען אייך אויסרעכענען דרייסיג בעוויזען, ראשית...

איך האב זיך אפגעבעטען. איך האב איהם פערזי־כערט, אז איך בין בטבע ניט קיין פערלאנגער. פאר אזא אידען ווי איך איז גענוג איין בעוויז און פון היינט איז „נשר" ביי מיר מעהר קיין אדלער ניט, ווען עס זאלען אפילו קומען מלכי מזרח ומערב.

ער דערצעהלט מיר פון דער עקספעדיציע, אין וועל־כער ער האט אנטייל גענומען. דאס איז געווען מיט יאהרען צוריק. אבדול־חמיד איז נאך דעמאלט געווען סולטאן. ביי זיין גאנצער דיפלאמאטישער פערשפיצט־קייט און בלוט־דורשטיגער גרויזאמקייט, איז דערדאזיגער סולטאן געווען א גרויסער ליעבהאבער פון נאטור־פאר־

שונג. האט ער דעם בערלינער פראפעסאר בלאנקענהארן געגעבען דעם אויפטראג צו מאכען אן עקספעדיציע דורך טערקיי, כדי אויסצופארשען די צמחים און די חיות און פויגלען, וואס געפינען זיך אין זיין מלוכה. האט פראפ. בלאנקענהארן איינגעלאדען אהרני'ן צו זיין א מיטגליעד פון דער עקספעדיציע. צוריקקומענדיג פון דער עקספע־דיציע האט מען איהם פארגעשלאגען צו ווערען דער קו־ראטאר פון סולטאנ'ס זאאלאגישער זאמלונג, מיט א גרויסע שכירות, אבער ער האט זיך ענטזאגט. ז י י ן ארט איז ארץ־ישראל. און זיין ארבייט געהערט דעם אי־דישען פאלק. ער וויל, אז מציון תצא תורה און ארץ־ישראל'דיגע זאאלאגען זאלען שפיעלען א הויפט־ראלע אין דער וועלט פון זאאלאגישער וויסענשאפט.

ער ווייזט מיר א בראשורע, וואו עס ווערען בע־שריבען פערשיעדענע נייע מינים, וואס זיינען ערשט ניט לאנג ענטדעקט געווארען. איינער פון זיי איז:

‘Rubo Bubo Ahroni” א סאווע, וואס „דער זאאלאג אהרני אויס רחובות” האט צוערשט ענטדעקט.

ער שמייכעלט מיט מעהר ווי א שמינית שבשמינית גאוה און די פייערדיגע וואנסעס ווערען נאך פייערדיגער.

ער רעדט מיט א ברען, מיט מסירת נפש, זיין היל־ביגער טענאר־שטים פילט אן דאס קליינע צימער און די טרוקענע באבעלקעס ציטערען אזש אויף די ווענד.

פארבייגעהענדיג געפין איך אויס, אז ער איז א שוועסטער־קינד פון דעם וועלט־בעריהמטען טענאר יאד־לאווקער. דער הילכיגער קול איז א משפחה־פעהלער.

עס קומט אריין א הויכע פרוי מיט האָר נאָך רויטער ווי זיינע. און ער שטעלט מיר פאָר: זיין ווייב. איך זעה פון איהר ריידען, אז זי האָט זיך מיט לייב און זעעל אריינגעלעבט אין איהר מאַנ'ס ארבייט.

אהרני קוקט אויף איהר און זיינע אויגען גלאַנצען מיט שטאָלץ און מיט ליעבשאַפט:

מיין ווייב האָט א בעסערען קאָפּ ווי איך. ווען זי שטודירט זאָאָלאָגיע, וואָלט זי געווען א בעסערער זאָאָלאָג פון מיר.

זי דערצעהלט מיר, אז זיי לערנען ביידע צוזאמען ענגליש. זיי שטעהען אויף פאַרטאָג. בייטאָג האָט קיינער פון זיי קיין צייט ניט. ער איז פערנומען מיט זיינע פויגלען און זי אין הויז און מיט די קינדער. זי בעט איך זאָל זיי פערהערען. טהו איך איהר רצון און געפין אויס, אז פאַר די קורצע צייט וואָס זיי לערנען זיך האָבען זיי געמאכט א גוואַלדיגען פאָרטשריט.

— אהן ענגליש, — ערקלערט זי מיר, — קען זיך אהרני ניט בעגעהן. ער איז געווען אין לאָנדאָן כדי צו פערקויפען זעלטענע פויגעל־אייער צו ראָטהשילד'ן, איז זיין ניט קענען ענגליש געווען א גרויסע שטערונג. האָבען זיי בעשלאָסען זיי זאָלען זיך ביידע לערנען ענגליש. ס'הייסט אייגענטליך דאַרף ער זיך בלויז לערנען, אָבער זאָלבעצווייט איז היימליכער. לערנען זיי זיך ביידע.

איך בין ניט קיין מבין אויף זאָאָלאָגיע, אָבער אויף ענגליש בין איך געווען גענוג מבין צו זעהן, אז זי האָט א גרעסערע פּעולה געטהאָן פון איהם.

אין דער אָפענער טהיר בעווייזט זיך אַ קליין אינ־געלע פון אַ יאָהר זעקס און קוויטשעט אַרויס אויף אַ שאַרפען קול׳כעל:

— אדון אהרני, חנח זבוב גדול...

נעהמט אהרני צו די גרויסע פליעג פון דעם קליי־נעמ׳ס פינגער, בעטראַכט זי פון אַלע זייטען. שמוצערט מיט די ליפּען און שאָקעלט דעם קאָפּ מיט געוואַלדיגער התפעלות.

דערנאָך ניט ער אַ גלעט דעם קליינעם אינגעל אי־בער׳ן קעפּעל און קלינגט אַרויס:

— תודה רבה חביבי, זה באמת זבוב יפת...

ווערט דאָס אינגעלע רויט ביז די אויערען און שפּרינגט אַ לוסטיגער אַרויס דערצעהלען זיינע חברים וואָס „אדון אהרני" האָט געזאָגט פון זיין פליעג.

אַז דאָס אינגעלע איז שוין אַוועק, לאָזט אהרני אַרויס די פליעג דורכ׳ן פענסטער:

— די קינדער פון דער מושבה ברייגגען מיר אַלץ וואָס זיי געפינען אין פעלד... פערשטעהט זיך, אַז אין נייך־און־נייעציג פאַלען זיינען עס אַזעלכע מינים, וואָס איך זוך לחלוטין ניט. אָבער זייער כונה איז גוט. זיי ווילען מיר העלפען אין מיין אַרבייט...

---

עס בלייבט מע זאָל טרינקען טהעע.

הויבט זיך אָן אַן עסק מיט אָפּראַהמען דעם זאַאָלאָ־גישען טיש. צוערשט ביכער קליינע און גרויסע, דער־

נאָך הויפּענס מיט מאַנוסקריפּטען, ואחרון אחרון חביב, א קעסטעל מיט פּערטריקענטע באַבעלקעס.

אָפּגעראַהמט און אָפּגעווישט די סאַראַטע, זעצען מיר זיך אַרום טיש. דער זאַאַלאַג און זיין ווייב אויף דער אָפּגעריבענער סאָפאַ און איך אויף אַ שטוהל. וואָס ווי נאָר איך טהו זיך אַ ריהר, לאָזט ער אַרויס אַ מורא'דיגען קרעכץ.

טהו איך אין מיטען דערינען אַ פרעג, צי עס פּאַ־סירט נים, אַז זיינער אַ זאַאַלאַגישער עקזעמפּלאַר זאָל קאַליע ווערען, ווייל ער ווערט נים ריכטיג געהאַלטען.

דער זומער־שפּרינקעלדיגער פּנים וואָס איז ביז עתה געווען זעהר אויפגעראַהמט, ווערט מיט אַמאָל פערוואָל־קענט, דער רויטער קאָפּ בייגט זיך אַראָפּ און ער קוקט אויף די סלאַיעס און זיפצט:

— עס פּאַסירט, עס פּאַסירט... צו האַלטען ווי עס געהער צו זיין, בעדאַרף מען האָבען אַ מוזעאום... ווען איך האָב מיינע פיער־פינף טויזענד פראַנק בוי איך אַ מוזעאום...

— וואָס ועט איהר מיט אַזאַ קליינע סומע קענען אויפטהאָן?... דער בויען אַליין דאַרף קאָסטען נים דער ערך מעהר.

מישט זיך אריין דאָס ווייב:

— אהרני קען העכער ווי פינף טויזענד פראַנק נים צעהלען... זיין השגה אין געלד־זאַכען געהט נים ווייטער.

איך בין נייגעריג צו וויסען, אויב עמיצער פון די

ציוניסטישע טהוערם אָדער אַנשטאַלטען האָט זיך ווען עס איז אינטערעסירט מיט זיין ארבייט...

— מע האָט עפּעס כלומרשט יא גערעדט װעגען גע-בען צו שטייער אַ טויזענד פראַנק אַ יאָהר, אָבער עס איז דערפון גאָר נישט געוואָרען...

ער ווערט נאָך טרויעריגער און זיין קול דאַכט זיך איז ניט מעהר אזוי הילכיג ווי געווען:

— איהר האָט ניט ווילענדיג אָנגעריהרט נאָך אַ טי-פערע וואונד... אָט אדרבא הערט. מיר איז געלונגען צו קריגען אין דער געגענד פון דעם לבנון אַ געשאָסענע היר-שין, אַן אילת אהבים... איך גלויב, אז זי איז די לעצטע פון איהר מין און דער איינציגער עקזעמפּלאַר אויף דער וועלט. איך האָב דאָס פעל און דעם סקעלעטאָן גרייט אויסצושטאָפּען. יעדער מוזעאום וואָלט געווען אַ בעלן אויף אזא יקר המציאות. איין מוזעאום אין אויסלאַנד האָט מיר אָנגעבאָטען אַ זעהר הויכען פּרייז. אָבער איך וועל בעסער פערקויפען אויסגעבלאָזענע אייעלעך פון ווילדע פויגלעך און לעבען ווי עס איז, איידער ארויסצו-לאָזען פון ארץ ישראל די לעצטע „אילת אהבים”. איך וועל עס האַלטען פאַר אונזער ערשטען זאָאָלאָגישען מו-זעאום, און אזא מוזעאום מוזען מיר האָבען.

— וואַללאַה־איל־אזים מיר ווילען איהם האָבען... ס'איז נאָר אַ וועהטאָג, וואָס קיינעם פון אונזערע גרויסע פאָרשטעהער קרענקט גאָר דאָס הארץ ניט וועגען דעם... שטעלט אייך פאָר — ער איז פון אויפרעגונג אַזש אויפ-געשפּרונגען — איין איינציגער עקזעמפּלאַר אין דער גאַנ-

צער וועלט און אַ פֿאָלק פֿון דרייצעהן מיליאָן און ניטאַ ווער עס זאָל איהם אָפּקויפֿען פֿאַר ארץ ישראל...

דאָס ווייב, וואָס אַ הוץ לערנען מיט'ן זאַלאַג צו־זאַמען ענגליש האָט זי נאָך די אויפֿגאַבע „צו שפּאַלטען אַ גרויפּ אין צווייען", איז געזעסען די הענד פֿערלענט אויפֿ'ן שויס און האָט זיך צוגעהערט צו דעם מאַן'ס רייד און גרויסע טרעהרען זיינען איהר גערונען אויף די באַקען.

---

אין דעמזעלביגען צימער, וואו מיר זיינען איצט געזעסען און האָבען בעשלאָסען, אַז די כנסת ישראל איז ווערטה מע זאָל זי הענגען, איז מיר מיט אַ פּאָאר וואָ־כען שפּעטער אויסגעקומען בייצוואוואוינען איינע פֿון די שעהנסטע און פֿריידיגסטע סצענעס, וואָס איך האָב ווען עס איז בייגעוואוינט אין מיין לעבען.

עס איז געווען אַ יומא דפגרי, און די קינדער פֿון די שוהלען פֿון די ארומיגע קאָלאָניעס זיינען צוזאַמען מיט זייערע לעהרערס געקומען אומיסנע בעקוקען „אדון אהרני'ס מוזעאום".

אזוי ווי דאָס צימער איז געווען אַז ענגס און די צאָהל פֿון די תלמידים זעהר גרויס, האָט מען זיי אריינ־געלאָזט צו צעהן־פֿופֿצעהן אויף אַ מאָל. אזוי שנעל ווי איין קליינע מחנה איז ארויס, איז די אנדערע אריין.

אין מיטען צימער נעבען דעם טיש איז געשטאַנען דער רויט־האָאריגער אהרני און זיין פּנים האָט געשיינט ווי די זיבען זונען.

אויסגעשטאָפּטע חיה'לעך און פויגלעך אַרויסגענו־מען פון אונטער דער סאָפא און פון די פּעקלעך און קעסט־לעך וואס זיינען געשטאַנען אין די ווינקלען — זייער־נען געלעגען הויפענסווייז אַנגעלעגט אויפ'ן טיש.

די קינדער מיט גליהענדע אויגלעך און צופלאַמטע בעקלעך, האָבען זיך פון אַלע זייטען געדרענגט ארום דעם הויכען זאַלאַנג, די קלענערע פון פאָרענט, די גרע־סערע פון הינטען.

— ילדים! איהר זעהט דעמדאָזיגען פויגעל, ער האט זעהר א לאַנגען שנאָבעל, ער לעבט פון די פיש וואס ער כאַפּט אונטער'ן וואסער...

מוז איטליכער פון די קינדער אָנטאַפּען דעם פויגעל מיט די אייגענע הענד, אויב ניט אין גאַנצען, איז כאָטש א פיסעל, א שפּיץ שנאָבעל אדער א פעדערל. זעהט אהרני, אז קיינער זאל ניט געקריוודעט ווערען.

עס פליהען אַלערליי קינדערשע שאלות, און אהרני ענטפערט אויף זיין געוועהנליכען הילכיגען קול, און שיל־דערט ווי די פויגלען עסען, ווי זיי שלאָפען, ווי זיי בויען נעסטען, און ווי זיי היטען זיך פאר זייערע שונאים. דער־ביי פלעכט ער אריין אַלערליי המצאות, פון וועלכע די קינדער קייכען אַזש פון געלעכטער, און די גרויסע לעה־רערס וואס זיינען מיטגעקומען מיט די קינדערלעך לאַכען. און די זשוקעס, און די באַבעלקעס אויף די וועגד לאַכען, און אפילו די איינגעמאַרינירטע יאַשטשערקעס אין די סלאָיעס לאַכען...

# XXXI.

## עוברים ושבים.

ס׳האָט אין דער טיעף אַן אַלטע קוואַל געשלאָגען,
אונ שפּריצט אַרויס דורך טויזענד קרומע וועגען,
אונ וואָלסטו איטליכען בעזונדער פרעגען:
„וואָס טרייבט דיך דאָ?״ — ווער וואָלט דעם אמת זאָגען?

וואָלט איינער זאָגען: קברים צו בעזוכען...
אַ צווייטער: לוסט דורך רוהם־בעדעקטע טהאַלען
אונ בערג צו וואַנדערען... אַ דריטער: מאָלען...
אַ פיערטער: היילונג פאַר זיין לייב צו זוכען...

אונ קיינער וועט דיר אָפען ניט אַנטפּלעקען,
די וועהען וואָס די ברוסט פערבאָרגען צופּען,
דעם באַנד פון לאַנד וואָס בינדט מיט כשוף־קנופּען;
דעם רוף פון היים וואָס הערט ניט אויף צו וועקען...

---

מיר זיינען ניט מעהר קיין בני־יחידים אין אונזער האָטעל. יעדער טאָג ברענגט אַלץ נייע געסט, פערשיי־דענע מינים אידען פון פערשיידענע לענדער.

עס קומען לאַנג־בערדיגע אידען, וואָס אַז עס פאַלט אַרויס אַ האָאר פון זייער באָרד לעגען זיי איהם אריין צווישען די בלעטער פון אַ זוהר, און עס קומען אַזעלכע וואָס האָבען ניט קיין שום סימן פון אידישקייט ניט

אויפ'ן פנים און ניט אין זייער שפּראַך און מע מוז זיי גלויבען אויפ'ן וואָרט.

א קבוץ גליות...

---

נעכטען זיינען אָנגעקומען דריי נייע געסט. אַלע דריי בכבוד'ע בעלי־בתּישע חסידים פון קאַלישער געגענד. איינער, מיט אַ געדיכטער ברוינער באָרד, איז אַן עקאָ־נאָם אין אַ גרויסען גוט. ער האָט דערויף אַ סימן. אויף דער רעכטער האַנד פעהלט דער גראָבער פינגער. ער האָט בעוויזען די אַרבייטער ווי זיך נוהג צו זיין מיט אַ דרעש־מאַשין, האָט די דרעש־מאַשין זיך צוגעאיילט און איהם אָרונטערגעכאַפּט אַ פינגער.

די דריי אידען זיינען אַהער געקומען זעהן אויב זיי וועלען ניט קריגען קויפען אין גלייכען געלט אַ שטיק לאַנד אָדער אַ פּרדס. אויב זיי וועלען געפינען עפּעס רעכטס, וועלען זיי פאָהרען אַהיים ליקווידירען זייערע געשעפטען און וועלען אַריבערברייננגען אַהער זייערע פאַמיליעס.

דער עקאָנאָם ווערט מיט מיר אַ נאָהנטער מקורב פון דער ערשטער רגע. צוערשט רעדט ער מיט מיר תורה. ער דערצעהלט מיר זיינס אַ פּשט'ל אויף דעם פּסוק „ובני ישראל יוצאים ביד רמה". דערביי מאַכט ער מיט דעם אָרט אוואו עס וואָלט געוועזן אַ גראָבער פינגער ווען ניט די דרעש־מאַשין.

ביסלעכווייז גיסט ער אויס פאַר מיר זיין גאַנץ האַרץ.

אפשר אין קאַליש וואָלט ער זיך מיט אַזאַ אידען ווי איך גאָר ניט אַריינגעלאָזען אין אַזאַ טיעפען שמועס. אָבער ער ווייס, אַז איך בין פון ווייט געקומען אין ארץ ישראל, און אונז ביידען האָט געגאַנגט און געטריבען דערזעלבינער וועהטאָג... רעדט ער צו מיר ווי צו אַן אַלטען פריינד.

מיאוס געוואָרען צו לעבען אין גלות... עס פעהלט איהם ניט פון פויגעל מילך. אפילו אין בעסטען אופן וועט ער אַזאַ רחבות, ווי ער האָט אין חוץ לארץ, אין ארץ ישראל ניט האָבען. אָבער ער זוכט ניט קיין גליקען. לחם לאכול ובגד ללבוש פאַר זיך און פאַר זיין משפחה, דאָס איז אַלץ וואָס ער וויל...

דער אינגסטער פון דער גרופּע, אַ איד פון אַ יאָהר פינף און פערציג, איז אין זיבענטען הימעל. ער קען ניט איינזיצען אַ רגע אויף אַן אָרט. אַלע ווײַלע לויפט ער אַרויס פון האָטעל, טהוט אַ זופּ זונענשיין, כאַפּט אַ קוק אויף די הייזער, אויף די בוימער, אויף'ן הימעל און קעהרט זיך אום אַ גליקליכער, אַ שמייכלענדיגער...

אויפגעשטאַנען איז ער גאַנץ בעגינען און איז תכף אוועק מיט אַ גרויסען סאַמעטענעם טלית־זאַק אונטער'ן אָרעם אין שוהל אַריין. צוריקגעקומען איז ער ערשט אַרום עלף אַ זייגער, ווען דאָס טישטוך איז שוין געווען געלעגט פאַר וואָרעמעס. זיין פּנים האָט געשיינט.

מיט פריהשטיק האָט ער זיך ניט געאיילט. ס'איז איהם קענטיג גאָר אין זינען ניט געלעגען. ער האָט נאָר

געהאַלטען אין איין רייבען די הענד און זאָגען מיט אַ האַלב־זינגענדיגען טאָן:

— וואָס פאַר אַ צוהיער לאַנד! וואָס פאַר אַ טהייער לאַנד!

---

אָבער דוקא די טהייערקייט פון לאַנד האָט דעם נייך־פינגערדיגען עקאָנאָם, וואָס איז קענטיג געוועזען דער פיהרער פון די דריי, שטאַרק אַראָפּגעשלאָגען פון מוטה. וואו ער האָט זיך נאָכגעפרעגט האָט מען איהם ערקלערט, אַז אַ גוטע באַארע, וואָס אַ פאַמיליע זאָל קענען פון איהר לעבען בכבוד, דאַרף קאָסטען אַן ערך צוואַנציג טויזענד רובעל.

איז געבליבען ביי די אידען צו פּרובירען גליל. דעם עקאָנאָם האָט בכלל געצויגען מעהר צו לאַנד־ווירטהשאַפט ווי צו פּרדסים. פאַרט אָבגעלעבט אַ לעבען צווישען קאָרן־פעלדער און לאַנקעס.

---

נאָכ'ן עסען האָט דער דריטער, אַ קיילעכדיגער איד־דעל פון אַ יאָהר פינף און פופציג, מיט אַ קורצען אַרומ־געצופּטען בערדעל, פאַרגעלייענט יאושזאַהנ'ס אַ פעליע־טאָן אין „היינט". דאָרט איז געוועזען אויסגעטייטשט די פּאָליטיק פון ענגלאַנד לויט אַ מדרש פון „והאזינו". האָ־בען די דריי קאַלישער אידען שטאַרק אַנגעקוואָלען פון דעם.

דער עקאָנאָם איז פון גרויס מתיקות איינגעשלאָפען און האָט זיך צעכראָפּעט מיט אַזאַ ברייטקייט אַזוי ווי

ער וואָלט שוין געווען אַ תושב אין ארץ ישראל פון צעהנדלינגער יאָהרען.

---

היינט זיינען צוגעקומען נאָך געסט, אַ איד פון אַ יאָהר זעכציג, אַ סוחר פון ווארשא, מיט אַ ווייב און אַ טאָכטער. נאָך מיט יאָהרען צוריק האָט ער געקויפט אין רחובות אַ שטיק לאַנד און האָט עס געלאָזט בעפלאַנצען מיט מאַנדלען. ער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער „מנוחה ונחלה". קומט ער אַלע פּאָאר יאָהר אָנקוקען זיין נחלה.

פאַרוואָס ער בעזעצט זיך ניט? — ביי איהם וואָלט מען אודאי גע'פּועל'ט, נאָר עול בנים... זיהן, טעכטער און איידעמס, אַלע הענגען אָפּ פון איהם. איז ער יוצא מיט דעם, וואָס ער שטאָט אָפּ אַ בעזוך זיינע מאַנדעל־בוימער...

די טאָכטער געהען די מאַנדלען ווענינ־וואָס אָן. זי ערקלערט מיר, אַז „זי איז נאָך יונג און זי וויל לעבען". וועגען דער ערשטער העלפט האָבען געקענט זיין חילוקי דעות, די צווייטע האָב איך געגלויבט באמונה שלמה.

איהר ווילען צו לעבען האָט אין רחובות אָנגענומען די געשטאַלט פון געהן שפּאַצירען צווישען די כרמים מיט די יונג־וואַרג פון דער קאָלאָניע.

דער אַלטער פערפעהלט ניט געהן דריי מאָל אַ טאָג דאַוונען, און אין זכות פון זיין קומען איז די רחובות'ער שוהל רייכער געוואָרען מיט אַ שעהנעם הענג־לאָמפּ.

---

מיט אַ פּאָאר טעג צוריק איז דאָ דורכגעפאָהרען אַ יונגער חזן. לכתחלה — זאָגט ער — איז ער געפאָה־רען קיין אַמעריקאַ. איהם וואָלט דאָרט געווען וואויל ווי די וועלט. נאָר עפּעס דורך אַ פּערדרעהעניש איז ער פערוואָרפען געוואָרען קיין ארץ ישראל. בדיעבד, אַז ער איז שוין דאָ, געפעלט איהם דאָס לאַנד זעהר גוט. רעכענט ער צו פערבלייבען און זוכען צו ווערען אַ חזן אין איינער פון די קאָלאָניעס.

איך פרעג איהם צי אַ קאָלאָניע קען געבען אַ חזן גענוג אויף חיונה.

— איך בין ניט נאָר אַ בעל־תפלה — ענטפערט ער מיר — איך בין צוגלייך אַן אויסגעצייכענטער באַר־בירער. מיט חזנות פון איין זייט און האָאר־שעערען פון דער אַנדער זייט וועט מיר קיין פּרנסה ניט פעהלען...

---

דאָ איז געקומען אַ גאַליציאַנער איד. אַ ציוניסט מיט'ן נאָמען כ... ווענען איך האָב מיט יאָהרען צוריק בעגעגענט מעהרערע מאָל אויף דער איסט־סייד אין ניו־יאָרק. ער איז כלומרשט געשיקט פון אַן „אחוזה", אָבער ווי איך פערשטעה איז ער אַ מעקלער פון לאַנד אין תל־אָביב און פערשטעכט זיך ניט די פינגער ביי דעם עסק... אַזוי שנעל ווי ער איז געקומען איז ער אַוועק צו סמילאַנסקי'ן. צוריק פון סמילאַנסקי'ן איז ער געקומען מיט אַן אַראָפּגעלאָד־טער נאָז... האָט מיר נאָכדעם סמילאַנסקי דערצעהלט וועגען וואָס דאָ האָט זיך געהאַנדעלט.

שוין יאָהרען און יאָהרען ווי רחובות זוכט אַפּצו־

קויפען אַ שטיק לאַנד, וואָס ליעגט אויף איהר גרענעץ. דער לאַנד־הונגער וואַקסט אין דער קאָלאָניע פון יאָהר צו יאָהר. עס קומט צו אַ נייער דור, מעהר מענשען בעדאַרף מען האָבען מעהר ערד. געפינען זיך אָבער תמיד די גוטע מענשען, וואָס שטייגען אַריין דעם פּרייז...

היינט איז צו איהם געקומען כ... מיט אַן אולטימאַטום, אויב מע וועט איהם ניט אָפּלאָזען אַ טייל פון׳ם לאַנד, וועט ער קאַליע מאַכען די קנית...

## XXXII.

# „דאָס לאַנד פון די שאַלאָמס”

חאָט אויסגעשטעקט די ערד די פולע בריסט
אונ ניט געוועזען ווער זאָל קומען זויגען,
האָט מיט דער קייט פון יאָהרען זיך געצויגען
דער פלוך, און שטום געקיניגט אויף דער וויסט...

און פלעגט דער הימעל ניט מתנות שפּאָרען,
דעם באַלזאַם־טהוי, דעם ברכות־פולען רעגען,
געלויערט האָבען רויבער אויף די וועגען —
די ווילדע גראָז, דער שטעכעדיגער דאָרן...

פלעגט אָפט אַ וואנדערער זיין פוס פערוואונדען,
און מיט אַ קללה פונ׳ם פעלד זיך קעהרען,
און אונטען פלעגט פערשעמט די ערד איהם הערען,
און האַלטען טויזענד אוצרות איינגעבונדען...

---

אין אונזער האָטעל שטעהט איין א דייטשער ציוניסט, דער אינזשעניר ט...

ער איז אַ מאַן אין די פערציגער, פעסט געבויט און פון מיטעלען וואוקס. אַנגעטהאָן געהט ער שטענדיג אין קאַקי. אויפ׳ן קאָפּ טראָגט ער אַן ענגלישען לייווענט־

קיווער און אויף די פיס לאַנגע שטיוועל. צום האָטעל קומט ער על פּי רוב צורייטען אויף אַ קליינעם אייזעל.

ט... איז געבוירען און ערצויגען אין דייטשלאַנד. אָבער ער איז שוין אויסגעוועזען אַ וועלט. אַ לאַנגע צייט האָט ער פערבראַכט אין זיד־אַמעריקא, דערנאָך איז ער געווען אין די פעראייניגטע שטאַאטען. שפּעטער האָט ער אַנגענומען די שטעלע פון אַן אינזשעניר אונטער דער דייטשער רעגיערונג אין איינער פון די דייטשע קאָלאָניעס אין זיד־אַפריקא. פון זיד־אַפריקא איז ער אַוועק קיין ארץ ישראל, אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָט איהם זיין וואַנדערלוסט צוריקגעטריבען קיין אַפריקא. איצט איז ער אין פּאַלעסטינא צום צווייטען מאָל.

ער דערצעהלט מיר, אַז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער איז געקומען פון אַפריקא האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אַ בעדיענטען, אַ שוואַרצען האַלב־ווילדען קאַפיר.

אַז דער קאַפיר האָט זיך דערנאָך אומגעקעהרט קיין אַפריקא, פלעגט ער אָנרופען ארץ ישראל דאָס לאַנד פון די „שאַלאָמס" (שלום'ס).

---

ט... איז געקומען קיין רחובות אָנצופיהרען די ארבייט פון דעם שאָסיי וואָס ווערט געלעגט צווישען רחובות, ראשון לציון און יפו.

מיט דעם שאָסיי איז אַ גאַנצע געשיכטע, דער תמצית פון וועלכער איז אָט וואָס:

יאָהרען און יאָהרען האָבען די אידישע קאָלאָניסטען פון רחובות און ראשון לציון זיך גע'שתדל'ט ביי דער טער־

קישער רעגיערונג זי זאָל זיי ערלויבען צו מאַכען אַ שאָסיי אויף זייערע אייגענע הוצאות און זיי האָבען בשום אופן קיין ערלויבנים ניט געקענט קריגען. איין בעאַמטער האָט אָפּגעשיקט צו אַ צווייטען און אומעטום זיינען געוועזן הענד וואָס האָבען פערלאַנגט באַקשיש.

ערשט נאָך דעם ווי עס האָט אָפּגעקאָסט אַן ערך פופ־ציג טויזענד פראַנק באַקשיש און נאָך אַ פערשלעפּעניש פון יאָהרען, איז אָנגעקומען די ערלויבנים, אָבער מיט איין בעדינג — מע זאָל ת י כ ף אָנהויבען בויען דעם שאָסיי און ער זאָל פאַרטיג ווערען ניט שפּעטער ווי אין אַ יאָהר צייט...

פרעגט זיך דאָך אַ קשיא: אויב עס איז יאָ אַזאַ אייַלעניס, טאָ פאַר וואָס האָט די רעגיערונג ניט געגעבען די ערלויבנים פריהער?... איז דער תירוץ — טערקיי...

---

דער שאָסיי האַלט נאָך ערשט ביים סאַמע אָנהויב. לעת עתה אַז מע וויל פאָהרען פון רחובות קיין יפו, מוז מען מיט אַ טאָג פריהער בעשטעלען אַ פּלאַץ אין דעם די־ליזשאַנס. אויף מאָרגען מוז מען אויפשטעהן כלחוך השור, ווארום האַלב זיבען איז שוין דער אָנגעפּאַקטער די־ליזשאַנס אויפ'ן וועג. די נסיעה ביז יפו דויערט רונד אַרום אַ שעה פיער אויפ'ן זייגער, הגם פאָהרען פאָהרט מען אייגענטליך ניט מעהר ווי א י י ן שעה בסך הכל. די איבעריגע צייט בראַדזשעט מען צוזאַמען מיט נאָך אַן אכט—ניין פאַרשוין ביז אין די קנעכלעך אין דעם הייסען זאַמד, און מאַחמוד אַרבייט זיך דערווייל אַרום

**די כוחות** צו פועל'ן ביי די פערד זיי זאָלען כאָטש שלעפּען דעם ליידיגען וואָגען.

און אַז מע בראָדזשעט אין זאַמד שמועסט מען זיך פאַנאַנדער, און מע רעדט וועגען אַלצדינג אין דער וועלט.

---

געהען מיר אַזוי אַנוסטען אַ גאַנצע עדה אידען און בעגלייטען מיט גרויס פּאַראַד דעם ליידיגען דיליזשאַנס, איינער פון אונזערע מיטפאָהרער איז אַ קאָלאָניסט פון רחובות, גיט ער אונז אַ קאַפּיטעל געשיכטע פון די ערשטע יאָהרען פון דעם „ישוב".

בויען אַ נייעם בנין האָט מען אין יענע צייטען אָהן אַן ערלויבנים פון דער רעגיערונג ניט געטאָרט און קריגען אַזאַ ערלויבנים האָט געדאַרפט קאָסטען מעהר ווי דער גאַנצער בנין. צוליעב דעם האָבען אָפט גאַנצע פאַמיליעס געמוזט לעבען אונטער'ן פרייען הימעל. אַז מע האָט גע־וואָלט אויפבויען אַ הויז אָדער אַ שטאַהל, האָט מען גע־מוזט אריינכאַפּען און ארבייטען טאָג און נאַכט, כדי צו ענדיגען דעם בנין איידער אַ חאַיאַל וועט קומען. איז דער בנין געווען איין מאָל אויפגעשטעלט ביז'ן דאַך, איז געווען פערפאַלען. געהייסען איינוואַרפען האָט מען ניט.

מאַכט זיך איינמאָל אַז צו איינעם אַ קאָלאָניסט קומט אַ חאַיאַל אין סאַמע מיטען בויען. שלעכט. וואָס טהוט מען? דער אַפּגעריסענער פערהונגערטער חאַיאַל שטעהט און לאָזט ניט אַ האַנד צולעגען. צייט פערלירען האָט מען ניט געקענט. האָט מען קיין שאלה און קיין מעלה ניט

געמאכט און מע האָט דעם בחור אַ נעהם געטהאָן כדבעי, געבונדען הענד און פיס און פערשפּאַרט אין אַ קאַמער און דערווייל האָט מען געבוים אויף וואָס די וועלט שטעהט.

אַז ס'איז אַוועק אַ טאָג און דער חאיאל האָט דער־שפּירט אַז ער איז אַ נוטה למות פון הונגער, האָט ער גע־נומען פערהאַנדלען וועגען „שלום". האָבען איהם די קאַ־לאָניסטען געשטעלט די ברירה — ענטוועדער צו שטאַר־בען אויפ'ן מזבח פון פליכט — וואָס דאָס פאַליובעט קיינ־מאָל ניט זעהר שטאַרק אַן אַראַבישען סאָלדאַט — אָדער העלפען ביים אויפשטעלען דאָס הויז און קריגען אַ בִיש־ליק אַ טאָג...

מע איז מרשוה געוואָרען אויף אַ בישליק און אַ האַלב און דער חאיאל האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַן אויס־געצייכענטער בעל מלאכה.

---

מיט אונז צוזאַמען געהט און סאַפעט אַן עלטערער איד וואָס איז געקומען קיין ארץ ישראל אויף אַ פּאָאר מאָנאַט. ער קען זיך ניט געגוג אָנלויבען פון ארץ ישראל.

שלאָגט איהם איבער דאָס ווייב, אַ הויכע דיקע אַי־דענע, און הויבט אָן אויספּעקלען איהרע טענות און תביעות.

ראשית — זאָגט זי — איז דאָ ניטאָ קיין חריין. וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז חריין זאָל מען דאַרפען ברענגען אַזש פון רוסלאַנד.

עמיצער טרייסט זי, אַז אַזוי ווי פיש איז דאָ אויך ניט בנמצא, מאַכט ניט אויס אַז אַהן חריין.

מילא חריין בין איך אייך מוחל — טענה׳ט די איר־דענע — אָבער די מטבעות... מע קען דאָך משוגע ווער־רען. אין האָטעל אין יפו האָבען מיר בעצאָהלט מיט פראַנ־קען. דעם אראַבער וואָס האָט אונז געבראַכט אויף זיין אייזעל האָט מען געמוזט בעצאָהלען מיט „בישליקעס" און אויף דער באַהן הויבט זיך אָן אַ נייע חתונה. דאָרט חשבונ׳ט מען דיר אויף „מעדזשידעס". נאָר דאָס איז נאָך אַלץ גאָרניט. הײנט אין דער פריה קויף איך אַ פּע־קעל שרייב־פּאַפּיר, וויל דער קרעמער דריי טאַלער. קען איך זיך שוין מעהר ניט איינהאַלטען. שעהמען מעגט איהר זיך — זאָג איך צו איהם — אין אייער ווייטען האַלז. ס׳איז טאַקי ארץ ישראל, אָבער ווי בערייסט מען דאָס אַזוי מענשען צו פערלאַנגען דריי טאַלער פאַר צוואַנציג בויר־געלעך פּאַפּיער ?... שטעהט דער איד און קוקט אויף מיר און קייקעלט זיך פאַר געלעכטער. עס געהען איהם אַזש טרעהרען פון די אויגען. שטעלט זיך ארויס, אַז אַ טאַלער איז „גרוש" און אַ „גרוש" איז דריי „מעטעליק" און אַ „מעטעליק" איז אַ קימאַ לן פון צוויי קאָפּיקעס.

אַ יונג ווייבעל פון רחובות, מיט קלוגע שוואַרצע אויר־גען, שיט זאַלץ אויף דער אידענע׳ס וואונדען. זי דער־צעהלט איהר אַז דער קורס פון אַ מעטעליק איז ניט אין אַלע שטעדט גלייך און אַז אפילו אין דערזעלביגער שטאָדט איז דער מקח אויך ניט אַלע מאָל דערזעלביגער.

מישט זיך אריין אַ בחור וואָס געהט נעבען מיר, און דערצעהלט, אַז זיינער אַ בעקאַנטער האָט אַזוי לאַנג גע־האַלטען אין איין אויסבייטען אַ צוואַנציג פראַנק שטיק

אויף אנדערע געלטען, און די אנדערע געלטען ווידער אויף אנדערע, ביז איהם איז סך הכל געבליבען צוויי און א האלב פראנק. דאס איבריגע איז אוועק אויפ'ן אויסבייטען.

דער בחור איז קענטיג א ליז, אבער די אידענע האט ער ווי צוגעטראפען.

— אחוץ דעם — גיט זי זיך א קעהר צו מיר — וואו אין דער גאנצער וועלט האט מען געזעהן, אז ביי מענשען זאל ניט זיין ניט קיין „גוט־מארגען”, ניט קיין „גוט־נ'אבענד”, ניט קיין „וואס מאכט איהר?” און ניט קיין „זייט געזונד”, נאר ווידער „שאלאם” און אבער „שאלאם”. מיר איז שוין אזוי פערשאלאמעוועט דער קאפ, אז, גלויבט מיר, ווען עמיצער זאגט מיר א היימישען „וואס מאכט איהר”, וואלט איך איהם געפאלען קושען פאר מענשען אין די אויגען.

---

דערווייל פאהרט דער דיליזשאנס אריין צווישען די וויינגערטנער פון ראשון לציון. פון ביידע זייטען וועג שטעהען פלויטען פון ווילדע קאקטוס־פלאנצען — גרויסע אומגעלומפערטע פערזעהעניסען, פערפלאכטען איינס אין צווייטען און אנגעפיקעוועט פון אויבען ביז אונטען מיט שארפע נאדלען. צוליעב זייער שטעכעדינקייט זיינען זיי אויסגעצייכענטע שומרים.

דערצעהלט איך דער אידענע א מעשה: אמאל זיינען דא געקומען א סך מענשען זיך צו בעזעצען. דאס לאנד איז געווען פעט און פרוכטבאר, די לופט איז געווען מחיה נפשות און די זון איז געווען גרייט ארויסצוברענגען

די שעהנסטע פירות פון די בוימער און די בעסטע גרינסען פון דער ערד. אָבער די מענשען האָבען ניט געוואָלט ניט אָקערען, און ניט גראָבען, נאָר טאָג פאָר טאָג האָט זיך זיי פערגלוסט אַן אַנדער פערוועלעניס. און אַלערליי בלבולים האָבען זיי אויסגעטראָכט אויף דער ערד. איז די ערד פערוויסט געוואָרען און די מענשען זיינען צו־לאָפען אין אַלע ארבע פנות העולם. האָט די ערד געוויינט צו גאָט פון גרויס ביוש און גאָט האָט דערהערט די שטים פון דער געקריוודעטער ערד. איז אַרויס אַ גזר מן השמים אַז אַזוי שנעל ווי איינער פון די אַנטלאָפענע וועט שטאַר־בען, זאָל ער מגולגל ווערען אין אַ קאַקטוס־קוסט און זאָל מוזען היטען די פעלדער אויף וועלכע ער האָט גערעדט לשון הרע.

שטעהען זיי איצט די דאָזיגע זינדיגע נשמות, אין דער געשטאַלט פון מיאוס'ע און שטעכעדיגע קאַקטוסען און זיי האַלטען שמירה אויף די שווער־בעלאַדענע וויינ־שטאָקען וואָס פלייסיגע הענד האָבען פערפלאַנצט און הערען די לוסטיגע געזאַנגען פון די, וואָס פילען אַז די קערב מיט רויטע פונקעלדיגע טרויבען....

# XXXIII.

# אָרעמע קרובים

שטרעקט אוים אַ האַנד זיך פון דער נידער:
הויב אויף־ און פּיהר, מיר זיינען ברידער...
איך האָב פערשפּעטיגט אויפ'ן שליאַך
און דו ביסט שטאַרק און איך בין שוואַך...

אַ חבר'טע פון דער תימנישער מיידעל וואָס דיענט ביי די א...'ס, האָט היינט אָבענד חתונה. האָט די דיענסט־מיידעל איינגעלאַדען די בעל־הבית'טע צו קומען אויף דער חופּה. בלייבט מיר זאָלען געהן אַלע צוזאַמען.

די נאַכט צולעגט זיך שוואַרץ אויף דער קאָלאָניע. מיר געהען דורך אַ זייטיגען פינסטערען וועג. פון איין זייט אַ געדיכטער צוים פון מימאָזען, פון דער אַנדערער — אַ פּרדס פון אוילבערט־בוימער. דער זיסער גערוך פון די מימאָזען, און פון די בעטויהטע גערטנער, וועהט קיהל אין געזיכט. די שטערען אויפ'ן הימעל ווערען פון מינוט צו מינוט אַלץ געדיכטער און אַלץ גרעסער. אַרום איז שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. מע קען הערען ווי עס קאַפּען די טהוי־טראָפּענס פון בלאַט צו בלאַט...

מאדאם א. פיהרט און מיר געהען נאך. זי איז גע־באָרען אין דער קאָלאָניע און זי וואָלט דעם וועג געטראָ־פען מיט פערבונדענע אויגען. מיט אמאָל פערדרעהען מיר זיך אין א שמאָלען געסעל. אויף דער רעכטער האנד א גרויסער גאָרטען, אויף דער לינקער — קליינע הייזלעך וואס שימערען ווייס דורך דער פינסטערניש. צווישען די הייזלעך בוימלעך און ביימען. ניט א פונק ליכט אין ערגעץ.

אפגעגאנגען נאך א הונדערט טריט, הערען מיר א טומעל און א געפילדער און דערזעהען א ליכט וואס שיינט ארויס פון א הייזעל און פאלט אויף אן אנטקעגענדיגען באנאנא־קוסט.

מיר געהען אריין אין א קליינעם הויף און געפינען זיך צווישען א געזעמעל פון קליינע צוועלף—דרייצעהן יעהריגע מיידלעך. זיי זיצען אויסגעזעצט אין א האלבען ראד און זינגען א מאָנאָטאָנעם, מורא׳דיג טרויעריגען נגון...

וואו האב איך דעם נגון געהערט ?... פון א טונקע־לען ווינקעל שפרינגט ארויס דער פערגלייך : אזוי האָ־בען די טעכטער פון גלעד געזונגען קלאָגענדיג אויף יפתח׳ס טאָכטער...

ערגעץ אין דער הויך העננט א קליינע לאָמטערנע און די געלע צאנקענדע פלאם מאכט די פינסטערניס נאך שטארקער...

אין א ווינקעל זיצט איינע און קלאפט מיט דער האנד אין א סארט טאמבוריז.

דאס טרויעריגע קלאָגען אין דער פינסטערניס הערט

נים אויף א מינוט. די קליינע מיידלעך, ווי עס שטעלט זיך ארויס, זיינען יונגע ווייבלעך. דאס דערקענט מען אין די שווארצע שטערן־טיכלעך וואס זיי טראגען. איי־ניגע פון זיי זיינען מאמעס, וואס האבן שוין בעוויזן א קינד צו בעגראבען.

צווישן די קליינע פיגור׳כלעך זעהט זיך אן איינע א שטארק הויך ווייבעל פון א יאהר צוואנציג.

איך דערקען זי. דאס איז מרים די דיענסטמיידעל פון „חאוואדזשא מוסאה״. איהר מאן איז א תימני פון פתח תקוה. זי איז אנטלאפען פון איהם, ווייל ער פלעגט זי שלאגען מכות אכזריות, איז ער איין טאג געקומען מיט זיין גאנצער משפחה, מיט שטעקענס און מיט א שטריק, גרייט צו בינדען זיין ווייב און זי מיט געוואלט אוועקנעה־מען צו זיך. מרים, וואס איז, איבעריגנס, א העלדיש ווייבעל, האט דערזעהענדיג דעם מאן, אנגעהויבען ציטערען ווי א בלאט, און איז שיער נים געשטארבען פון שרעק. א גליק וואס „חאוואדזשא מוסאה״ איז געווען אין דער היים. האט ער דעם מאן געגעבען א גאב און האט איהם אוועקגעטריבען פון הויז.

מרים׳ס אייגענער ברודער האט זיך לכתחלה שטארק געשעהמט מיט איהר אויפפיהר. דער מאן האט עהרליך בעצאהלט פאר איהר, געהערט זי צו איהם, און זיך שטע־לען אנטקעגען איז א שרעקליכער זינד. ער האט זיך אבער איבערגעבעטען. אלס אפעקון פון זיין שוועסטער קריגט ער אלצדינג וואס זי פערדיענט. פערליערט ער נאך אלע־מען גארנישט אן זיין שוועסטער׳ס ווידערשפעניגקייט.

מאדאם א. ווייזט מיר אן אויף דער כלה, א קליין שוואך מיידעלע פון א יאהר עלף—צוועלף, מיט א שעהן שווארץ פּנים'על און טיעפע שווארצע אויגען — די בשותפות'דיגע ירושה פון אידען און אראבער.

די קליינע כלה איז אנגעטהאן אין א גרינעם קלייד מיט רויטע קווייטען, און א ווייסען שלייער. אויפ'ן קאפּ טראגט זי א סארט זילבערן קרוינדעל, און אויפ'ן האלז שנורען קארעלען און זילבערנע מטבעות. שווערע זיל־בערנע אוירינגען רייסען שיער ניט ארונטער די קליינע שווארצע אויערלעך, און אויףביידע הענד־געלענקען טראגט זי זילבערנע בראסלעטען, די פינגער זיינען רויט געפארבט מיט העננא און בעדעקט מיט רינגען.

אונזער בעגלייטערקע ערקלערט אונז אז די תכשיטין געהערען ניט צו דער כלה. ייי קומט זי צו אזא עשירות? דאס בארגט מען צוזאמען פיעל מע קען פון קרובים, בע־קאנטע און שכנים, כדי צו בעשעהנען די כלה אין דעם יום־החופּה.

---

דער טרויעריגער כאר יאמערט און קלאגט און די טאמבורין קלאפּט אומעטיג צו. אין מיטען פון דעם רע־דעל, דרעהען זיך צוויי ווייבער. זיי טאנצען א פאנטאס־טישען כשר־טאנץ. איינע פון זיי זעהט אויס צו זיין א זקנה. דאס געזיכט איז צוקנייטשט און איינגעשרומפּפט, די ברוסט איינגעטריקענט, דער גוף מאגער.

מאדאם א. קען אלע תימנים פון רחובות, זאגט זי מיר אז די זקנה איז נאך קיין פערציג יאהר ניט אלט.

— איבעריגענס וועלען זיי אייך קיינמאָל ניט אויס־זאָגען ווי אַלט זיי זיינען. זיי האָבען מורא פאַר אַן עין הרע.

און אָט איז איינע פון שלום'ס ווייבער !

איך קעהר זיך אום. אַ חנ'עוודיג מיידעל פון אַ יאָהר פערצעהן האַלט פערבויגען דעם קאָפּ אַן אַ זייט, ווינקט זיך היז און הער און קלאַגט צוזאַמען מיט דעם כאָר דעם טרויריגען נגון...

— ווער איז שלום ?

— שלום איז אַ שם־דבר... שלום'ען פּוזט איהר קענען. ער האָט אַ גאַנצען הארעם. דער עסק לוינט איהם. אַ תימנ'קע קאָסט ניט פיעל. מע קען זי איינהאַנדלען פאַר אַ צוויי הונדערט פראַנק. אסך ביליגער ווי ביי די אַראַבער. ביי זיי איז דער ביליגסטער מקח פינף הונדערט פראַנק. בלייבען אַ סך אַלטע בחורים. אָט איז מיין טאַטענ'ס אַראַבאַדזשי, איז אַ גאָט'ס רחמנות אויף איהם. שוין אַ מאָן קרוב פערציג און קען ניט צונויפשפּאַרען גענוג אויף אַ זווג.

— אָבער וואָס איז מכח שלום'ען ?

— שלום האָט פיער ווייבער, דריי ווייבער אין רחובות און איינע אין יפו. אַלע פערדיענען. זיי זיינען דיענסטמיידלעך. אחוץ וואָס אַלע גיבען איהם אָפּ זייער גאַנצען לויהן, ברענגען איהם די רחובות'ער אין אָבענד, ווען זיי קומען אהיים, די וועטשערע וואָס די בעל־הבית'טעס גיבען זיי מיט.

די וואָס איהר זעהט דאָ איז די פיערטע. ווען ער

האט חתונה געהאט מיט איהר איז זי געווען אכט יאהר אלט און ער — א מאן פון איבער דרייסיג...

---

מיר געהען אריין צו די מאנסבילען. א קליין הייזעל וואס בעשטעהט פון איין קאמער אהן דיל. עס זשיפּטשעט א קליין לעמפּעל. דער עולם זיצט אויסגעזעצט אויף דער ערד ארום די ווענד. קיין שום מעבעל איז ניט פאראן.

מע טרינקט שווארצע קאווע פון קליינע שעלכעלעך און מע רויכערט פון נארגילעהס. קיין פענסטער איז אין הויז ניטא, און דער רויך הענגט ווי א געדיכטער וואלקען איבער די רויטע פעצען און די געפלאכטענע קאפּ־צודעקען. א טייל פון די געסט טראגען, לכבוד דער חתונה, שיך, די איבעריגע זיינען בארוועס.

סאמע אויבען־אן זיצט אנגעטהאן אין א טלית, דער חתן, א בחור פון א יאהר אכצעהן. אין דער האנד האלט ער א גרויסע בינטעל פון פעלד־בלומען. קומט אריין א נייער גאסט, געהט ער צו צום חתן, שטעלט זיך דער לעצטער אויף, אוןביידע לעגען ארויף די האנד אויף'ן הארצען, דערנאך אויף'ן שטערען און מע צוקושט זיך מעהרעמאל אויף ביידע באקען.

ווייבער קומען אריין, קענטיג נאהנטע קרובות פונ'ם חתן, און קושען דעם חתן די האנד...

ניט ווייט פון דעם חתן זיצט א קרעפּטיגער מאן פון א יאהר דרייסיג מיט א שעהנעם שווארץ־בעוואקסענעם געזיכט און מיט גרויסע שמוציגע בארוועסע פיס. ער האלט פאר זיך א געשריבענעם אלטען סידור און זינגט א

פּזמון אין העברעאיש געמישט מיט אראביש. דערביי בע־
גלייט ער זיך אליין מיט אן אייזערנעם שטעקעלע אויף א
סאַרט קופּערנער טאַץ. זיין קול איז הילכיג און מעטאליש.
אז ער ענדיגט א פּערז, הערט זיך דער אָפּקלאַנג פון
זיין שטים אזוי ווי א גלאָק וואס האָט נאר וואס אָפּגע־
קלונגען... דער נגון איז האַלב־פרעהליך, האַלב מרה־
שחורה'דיג.

פאר'ן חתן פלעכטען זיך דריי יונגע לייט אין א מין
שעערל... איינער האַלט די האנד אויף דעם אַקסעל פון
דעם אנדערען. די בעוועגונגען זיינען זעהר גראציעז און
פול מיט דעם שטומען כשוף פון פינסטערע מזרח־נעכט...

מיר ווינשען דעם חתן „מזל־טוב” און מע ענטפערט
אונז „מזל וברכה”.

לכבוד אונז ברענגט מען נידעריגע בענקלעך.

— בבקשה !

מע דערלאַנגט אונז אייגען־געמאַכטען וויין, שווארצע
לעקעך און געבאַקטע קוקורוזע. מיר פּערזוכען פונ'ם וויין
און די צייהנער ווערען אזש האַיליג. שאַרף און זויער.
מיט די לעקעך וויל איך זיך ניט איינשטעלען. שטעהען
אַנטקעגען א פּאָאר קליינע „משה'לעך און שלמה'לעך”
מיט ברודיגע פּנים'לעך און קוקען אויף דעם גרויסאַרטיגען
כיבוד וואס מע האָט אונז דערלאַנגט און בעלעקען זיך ווי
הונגעריגע קעצלעך. נעהם איך דאָס שטיק לעקעך און
גיב זיי. כאַפּען זיי עס צו און לויפען ארויס.

---

מיר האָבען זיך פּערשפּעטיגט. די חופּה איז שוין

געוועזן מיט א שעה צוריק. איצט וועט מען זינגען און טאנצען ביז שפעט אין דער נאכט. דערנאך וועט קומען די וועטשערע. פאר די מאנסבילען אין א בעזונדערען חדר, און פאר די ווייבער אין א בעזונדערען חדר.

אויף דער וועטשערע וועט זיין פלייש מיט א געדיכ־טען יויך. דאס פלייש צוזאמען מיט דער זופּ וועט דער־לאנגט ווערען פאר אלעמען אין איין שיסעל, און מע וועט עסען ווי אידען האבען געגעסען דעם קרבן פסח, הייסער־הייד און בחפזון און מיט קיין גאפּעל וועט מען גאט׳ס גאב ניט פערשוועבען. די זופּ וועט מען אויסטונקען מיט פלא־כע ווייכע „פּיטעס" און מעלדט אייך, אין ניוועץ וועט אפילו א טראפּען ניט געהן.

## XXXIV.

# אַ צווייטער בעזוך

ווידער בין איך געווען ביי די תימנים. דאסמאל איז
העלען זונענשיין, פרייטאג נאכמיטאג.

ווי אליעזר, דער קנעכט פון אברהם׳ען, האב איך זיך
אפגעשטעלט וואו די תימנע׳ר פרויען קומען שעפּען וואַ־
סער. אזוי ווי עס איז געווען ערב שבת, זיינען אלע ווײלע
געקומען ווייבער — אלטע און יונגע — מיט די כלים אויף
די קעפּ. וואלטען עס געווען קריעג, וואלט איך די יונגע
ווייבלעך ליופי המליצה פערגליכען מיט מוטער רבקה.
זיינען עס אבער על פי רוב געווען נאבעל׳ס נאפט־בלעכען.

די דאזיגע בלעכען, אזוי ווי די הילצערנע קעסטלעך
אין וועלכע זיי ווערען אהער געשיקט פון באקו אדער פון
אמעריקא, פעררי‌כטען אין ארץ ישראל הונדערט פער־
שיעדענע מלאכות. פון וועלכע די נאפט־פערקויפער האט
זיך אויפ׳ן לעבען ניט געקענט חלומ׳ען.

איך האב שוין געזעהן, ווי מע האט אן ארון פאר א
טויטען קינד געמאכט פון א נאפט־קעסטעל.

די וויבער זיינען געווען צום גרעסטען טייל פאר־עלטערט פאר דער צייט, און מיאוס. אבער געגאנגען זיי־נען זיי גלייך און שטאלץ און די טאנגא־מיידלעך פון ניו יארק, האבען זיך געמעגט קומען לערנען ביי זיי די קונסט פון געהן שעהן און גראציעז.

אט דעם גלייכען און קעניגליכען גאנג זייערען האבען די תימנ'ישע פרויען, ווי אויך די אראבערקעס, צו פער־דאנקען דער געוואוינהייט צו טראגען זייער משא אויפ'ן קאפ. דער קאפ לערנט זיך אויס צו זיין אויפגעהויבען און די גליעדער — זיך סימעטריש צו באלאנסירען.

---

מיין בעגלייטער האט גענומען מאכען הכנות דעם עולם צו פאטאגראפירען. זיינען אייניגע אנטלאפען פייל פון בויגען, אנדערע האבען זיך געקווינקעלט און די מוטהיגערע זיינען געבליבען. זיי האבען בלויז פערלאנגט מען זאל זיי צוזאגען א בילד.

א גרופע עלטערע תימנים זיינען אנגעקומען צוריק פון דער ארבייט מיט גראב־אייזענס אויף די פלייצעס. דערזעהן דעם אפאראט, האבען זיי זיך גיך אפגעטראגען. פיער יונגע תימנ'ישע פועלים האבען זיך אפגעשטעלט.

איך קעהר זיך צו איינעם פון זיי וואס זיינע פאות גרייכען בלויז ביז איבער די אויערען. עס ווייזט זיך ארויס, אז ער איז פון די „נייע“. ער געהערט צו די „פרחי תימן“ און ווייס פון ביאליק'ן. איך לאז זיך אריין מיט איהם אין א שמועס און פרעג איהם קודם כל, ווי קומט עס אז די תימנים נעהמען אזוי פיעל ווייבער.

— דא היא — פערענטפערט ער זיך און ווערט רויט — נעהמט מען געוועהנליך נאר איינע... דארטען, אין תימן, פלעגט מען יא נעהמען מעהר. אבער דאס איז נאר געווען צוליעב קינדער... די קינדער שטארבען איינס נאך אנדערען און ווייב סטאיעט ניט לקיום המין...

— און שלום?

— שלום — שפּרינגט ארויס אן אנדערער — איז א „מפרים פרסה" (א בהמה מיט צושפּאלטענע קלויען). ער פערשווארצט זיי אין די אויגען פון די אשכנזים. קענען זיך די אשכנזים איבערנעהמען און ארונטערקוקען אויף די תימנים.

---

פאר די אשכנזים וויל מען זיך אויספיינערען, מעהר פון אלץ, כדי די אשכנזים זאלען ניט זאגען „אני העשרתי את אברהם".

דערצעהלט מיר אגוסטען ז... אז ווען ער האט געבויט זיין ווילא, האט איינער פון די תימנ'ישע לייטמערענער זיך בעריהמט, אז אין תימן האט אפילו דער ארעמסטער פון זיי געוואוינט אין א פיעל שעהנערען הויז.

---

° מיר געהען פערביי אן אלטען בלינדען תימני וואס ווארעמט זיך אויף דער זון און קומען צו דעם הייזעל פון דעם אלטען מלמד. ער זיצט פאר דער טהיר, די פיס צו־נויפגעדרעהט אונטער זיך, ארום איהם א כאפּטע קליינע תלמידים'לעך, אפגעריסענע, אפגעשליסענע, מיט שוואר־צע ברענעדיגע אויגלעך. אין דער רעכטער האנד האלט

ער א לאנגע רוט, די רוטה האט, אפנים, שווער געארבייט א גאנצע וואך.

אזוי ווי עס איז שוין געווען נאהנט צו שול־רופען, האט זיך דער אלטער מלמד אנגעגרייט איטליכען פון זיי־נע תלמידים מכבד צו זיין מיט א לעצטען שמיץ, דאס האט געזאלט זיין א סיגנאל, אז דער חדר איז אויס, און צו־גלייך א דערמאנונג, אז עס איז דא א רוט אויף דער וועלט.

אז מע האט אנגעשטעלט אויף איהם דעם קאדאק, האט ער אפגעקעהרט זיין געזיכט און גענומען שרייען :

— וואס ווילט איהר פון מיר ? געהט אייך אייער וועג. איך וויים צוליעב וואס איהר דארפט דאס...

— צוליעב וואס, אדרבה ?

— איהר וועט דאס בילד בעוויזען אין חוץ לארץ און וועט קלייבען נדבות אויף דעם סמך, און אונז וועט איהר פון די נדבות גארנישט געבען...

דורך א שפיצעל איז דאך געלונגען איהם מיט זיין חדר ארונטערצוכאפען...

---

טענות און תביעות צו די אשכנזים האבען די תימנים אסך. ראשית האבען זיי מיט זיך אין גלות מיטגענומען דעם שלחן הזהב. דעריבער זיינען זיי אזעלכע עשירים...

זיי, די תימנים, האט מען תמיד געקריוודעט. עזרא הסופר האט זיי אפילו אין ארץ ישראל ניט מיטגענומען. האט איהם טאקע דערפאר גאט געשטראפט און ער ליעגט בעגראבען אין בבל. ניט זוכה געווען צו שטארבען אין ארץ ישראל.

דער נאָמען עזרא איז ביי זיי אין חרם עד היום. קיין תימני הייסט ניט מיט דעם נאָמען „עזרא“.

---

ליעב דעם אשכנזי האָט מען ניט. אָבער מע קומט אָן צו זיי, מוז מען שווייגען. אמאָל רייסט זיך אַ וואָרט אַרויס.

ניט לאַנג צוריק, ביי אַן אסיפה פון די תימנים, צו־זידלען זיך די „נייע“ מיט די „אַלטע“, שפּרינגט איינער אויף און ניט אַ געשריי צו אַ צווייטען: —

— אשכנזי !...

---

צוריקוועגס טרעף איך אַן עלטערען תימני וואָס איז שוין אַנגעטהאָן אין זיין שבת׳דיגען מלבוש — אַן אָפּגע־בלאַקעוועטען שוואַרצען פראַק וואָס האָט אין זיין ערשטען גלגול בעשעהנט דעם רוקען פון אַ רחובות׳ער בעל־הבית.

איך צערעד זיך מיט איהם און מיר קומען ביסלעכ־וויז אַרויף צו שדים.

— מע זאָגט, אַז אין תימן זיינען דאָ אסך שדים...

— בודאי יש — שאָקעלט ער מיט׳ן קאָפּ — עס זיינען דאָ תימנים, וואָס האָבען אויסגע׳הרג׳עט פון זיי גאַנצע מחנות. פאַראַן אַלע מינים. עס זיינען דאָ שדים וואָס זעהען אויס ממש כבני אדם און פיהרען זיך אויף כבני אדם.

— אַט האָט דוד געלעבט צווישען דיזאַזינע שדים צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד און איז קוים אַ לעבעדיגער אַנטרונ־נען געוואָרען.

— וואו איז דוד ?

דוד איז אין רחובות. ער וואוינט ניט ווייט פון דאנען.

איידער איך בעוויין איהם ווידער צו פרעגען, דער־צעהלט ער מיר אין זיין תימנ'ישען העברעאיש די גאנצע געשיכטע מיט דוד'ן און די שדים. יעדער תימני וויים דיזאזיגע מעשה, אזוי ווי ער וויים זיין איינענעם נאמען.

---

דוד איז געווען א איש נכבד אין דער קהלה. האבען די שדים געווארפען אן אויג אויף איהם. זיי האט זיך ניט אנדערש געוואלט איהם ארייננקריגען צווישען זיך. מעהר פון אלע האט געצאטעוועט אויף איהם אן עלטערער שד, דער פרנס פון די שדים און א גרויסער חשוב ביי זיי. ער האט געהאט א טאכטער א גוואלדיגע יפת תואר, און איהם האט זיך פערוואלט האבען דוד'ן פאר אן איידעם. און אז די שדים עקשנ'ען זיך איין, איז השם ישמרנו.

האבען זיי אפגעלויערט איין מאל ווען דוד האט זיך געבאדען אין טייך, און האבען איהם געכאפט און אוועק־געטראגען הינטער אלע שבעה ימים, וואו זיי האבען גע־האט א גרויסע קהלה.

דוד האט זיך געראנגעלט און האט געוויינט און גע־בעטען. אבער עס האט איהם גארניט געהאלפען. דער מחותן איז בעשטאנען, און דא שטעהט שוין די כלה און זי שיינט ווי די לבנה אין מיטען חודש, און דער חכם (חאַ־כאַם) פון די שדים, א זקן מיט א הדרת פנים, איז געקומען מסדר קדושין זיין. האבען זיי אפגעשטעלט חופה און האַ־

בען געמאכט א גרויסארטיגען שבעת ימי המשתה און דוד איז געווארען דער מאן פון א שד'יכע.

פון הויז ארויסגעהן האט מען איהם ניט געלאזט. מע האט איהם מאכיל ומשקה געווען פון דאס בעסטע און דאס שענסטע. אלצדינג וואס זיין הארץ געלוסט, האט ער געקראגען. אבער די שד'יכע האט פון איהם אז אויג ניט אראפגענומען. און רק זי האלט איהם און זי קושט איהם און וואס א טאג בעווייזט זי איהם אלץ מעהר ליעבשאפט.

אזוי זיינען אוועק צוויי רונדע יאהר כסדר און די שד'יכע די יפת תואר האט געבארען דוד'ן צוויי קינדער.

איז דוד'ן ניט איינגעגאנגען דאס לעבען. ער איז ארומגעגאנגען גאנצענע טעג ווי משוגע און ביי נאכט האט ער ניט געקענט אן אויג צוטהאן. ווי ווערט מען ניצול ?

האט איהם השם יתברך איינגעגעבען א דעה, ער זאל אריבערגעהן צו דעם אלטען חכם פון די שדים און אויס־גיסען פאר איהם זיין ביטער הארץ.

האט זיך דוד איינגעבעטען ביי די שד'יכע זי זאל איהם אפלאזען אויף א פאאר שעה צייט. ער האט גע־שווארען, אז ער וועט ניט אנטלויפען.

איז ער אוועק צום חכם, און ווי ער איז אהין געקו־מען, איז ער אנידערגעפאלען אויף די קניה און האט אנ־געהויבען יאמערען:

— רבי, האט רחמנות... וויפיעל איז דער שיעור ?...

האט דעם אלטען פערקלעמט ביים הארצען. א גרוי־סער בעל רחמים געווען. רופט ער זיך אפ צו דוד'ן:

— גנעה, חביבי, אהיים, איך וועל זיך מיהען פאר דיר.

האט דער חכם פון די שדים געלאזט תיכף צונויפ־רופען אן אסיפה און האט פארגעלעגט פאר אלעמען דעם ענין. איז געווארען א רעש און א געפילדער און עס האט אויסגעבראכען א שרעקליכע מחלוקת צווישען די שדים. איין צד האט געזאגט, מע זאל איהם אפלאזען און דער צד פון דוד'ס שווער האט גע'טענה'ט, אז דוד מוז בלייבען ביי זיין נייע ווייב און קינדער.

אבער דער חכם פון די שדים האט גע'פסק'ענט, אז מע מוז דוד'ן אפשיקען אהיים, און וואס דער חכם זאגט, איז ביי די שדים הייליג.

איין בעדינגג נאר האבען די שדים געשטעלט, אז איי־דער מע וועט איהם אפלאזען זאל איטליכער פון זיי אויס־רייסען פון איהם א האאר.

האט זיך דוד אויפגעכאפט אויף מארגען אין דער פריה און האט געפונען אז ער איז אין זיין הויז אין תימן ביי זיין ווייב און זיינע בני בית. און אז ער האט זיי דער־צעהלט וואו ער איז די גאנצע צייט געווען און וואס מיט איהם האט פאסירט, און ווי אזוי ער איז געראטעוועט גע־ווארען, האבען זיי געמאכט א ברכה „ברוך מחיה המתים".

אבער ווען ער האט גענומען לעגען תפילין צום דאוו־נען, האט ער אויסגעפונען, אז ער האט ניט א האאר אויפ'ן קאפ.

איז איהם געווען א גרויסער בזיון צו געהן אהן פאות.

האט זיין ווייב אפגעשניטען א הייפעל האאר פון זייער עלטערער מיידעלע און עס איהם צונעקלעפט צו ביי־דע שלייפען שטאט פאות.

די האאר איז קיינמאל ניט אפגעוואקסען און דור טראגט די צונעקלעפטע פאות עד היום הזה.

## XXXV.

# זון־פּעדים

פּעדעם אין דער זון
שימערען און שוועבען,
מאַכען מיר דערפון
ליכטיגע געוועבען...

פּעדעם אין דער זון
האָבען מיר געפּאַנגען,
שפּינען מיר דערפון
זוניגע פערלאַנגען...

אנגעקומען א סך נייע געסט מיט אמאָל אין אונזער „מלון“.

שלום אש איז מיט זיין פרוי אהער געקומען פון גליל. זיי וועלען דא פערברייינגען א לענגערע צייט.

דערוויל איז היימליכער געווארען אויף'ן הארצען.

צוזאמען מיט אש'ן איז געקומען אהער דער פעטער־בורגער מיליאנער פ... און דער אלטער שנעע־האָריגער פיינבערג, דער מחלק פון דער „מוהמע“ יק"א'ס צדקות אין רוסלאנד.

אש'ס צימער איז סאמע אקעגען מיינעם. צווישען אונז איז מפסיק דער לאנגער עס־צימער. האלטען מיר נאכ־אנאנד אין אפשטאטען איינער דעם אנדערען וויזיטען.

הערט זיך א קלאפ אין טהיר.

— יבא!

קומט אריין אש. נעהם איך איהם אויף מיט גרויס פאראד, זעץ איהם אוועק אויף דעם איינציגען שטוהל וואס מיר האבען, און טראקטיר איהם מיט באנ־באנס, וואס זיי־נען איינגעוויקעלט אין פאפירלעך מיט הרצל'ס בילד. איך אליין זיץ אנגעלעהנט בהסבה אויף דער בעט.

בלייבט, אז ער איז שוין געגוג געזעסען און צייט איך זאל אבצאהלען דעם בעזוך. געהט אש צוריק אין זיין צי־מער, און איידער ער האט נאך בעוויזען די טהיר אין גאנ־צען צו צומאכען, קלאפ איך שוין אן.

— יבא!

נעהמט ער מיך אויף מיט גרויס פאראד און איז מיך מכבד מיט ווייסען לעקעך. און אזוי געהט עס א גאנצען העלען טאג.

---

אפט געה איך מיט אש'ן דורך דער אלעע פון מימא־זען און אייקאליפטען, קומען מיר צו דעם בערגעל און פון דארט שפאצירען מיר אוועק ווייט, וייט, ביז צו דער באַ־יארע פון „האוואדזשא מוסאה“. ליגט דאס גאנצע לאנד ארום ווי איין שטיק זונענשיין, און דער וועג אויף וועלכען מיר געהען איז פוןביידע זייטען געדיכט בעזוימט מיט פעלד־בלומען פון אלערליי קאלירען.

ריידען מיר פון אלצדינג אין דער וועלט און מעהר ווי אלצדינג פון דער אידישער ליטעראטור. ווארעמט די ליב־טיגע זון ארויס פון אונז בעהאלטענע האפנונגען און פלע־נער, וואס וואלטען אין א וואכעדיגער סביבה ניט דעם מוטה געהאט זיך ארויסצוזאגען. ווערען אלע חלומות אנ־געגורט מיט שמשון'ס גבורה.

מיר האבען א פארטיגען פלאן ארויסצוגעבען אויף א גרויסען פוס אלע אידישע קלאסיקער אין אן איינהייטלי־כער אויסגאבע, וואס וועט העלפען פערשפרייטען די אי־דישע ליטעראטור און וועט זיין א כבוד און א פרייד פאר אלע פריינד פון דעם אידישען ווארט.

געלד? עס וועלען זיך געפינען מעצענאטען, וואס וועלען זיך אן דעם פלאן אנכאפען. איבעריגענס וועלען די פערלעגער אן דעם עסק ניט צולעגען. די אויסגאבע וועט זיין א ריעזיגער ערפאלג און די ביכער וועלען זיך פערקוי־פען ווי מצה־וואסער.

---

א חוץ דעם פלאן פון די אידישע קלאסיקער, וואס מיר האבען פאר דער גלות־וועלט, האבען מיר נאך א פיעל־רא־מאנטישערען פאר ארץ ישראל.

מיר וועלען נעבען רחובות אפקויפען א גרויס שטיק לאנד און גרינדען א קליינע קאלאניע פון לויטער „יחידי סגולה", שריפטשטעלער, דיכטער, גרויסע מוזיקער, מא־לערס און סקולפטארען.

מיר זעהען שוין פאראויס ווי די דאזיגע קאלאניע מיט איהרע שעהנע געשמאקפולע ווילאס וועט אויסקוקען.

איטליך הויז — א חלום אין ציגעל און קאלך. פאר יעדען הויז א גארטען פון די שעהנסטע בלומען און פלאנצונגען. די גאסען ברייטע, געפלאסטערטע מיט גראזען פון ביידע זייטען.

אלצדינג וועט זיין א קוויקונג פאר׳ן אויג און אן עס־טעטישער תענוג פאר דיכטער און קינסטלער.

מיר הויבען אן אויסרעכענען וועמען מיר וועלען אריינגעהמען אין דער דאזיגער קאלאניע. קונדען וועלען נים פעהלען. עס וועלען נאך זיין צופיעל. וואסער גרויסער אידישער קינסטלער וועט נים בויען פאר זיך א ווילא אין אונזער „קאלאני ד׳עליט״?

מישא עלמאן, צימבאליסט, שניצלער. ווער רעדט שוין פון די נאציאנאליסטישע אידישע שריפטשטעלער.

---

אז מיר האבען דערצעהלט פון אונזער פלאן דעם קאָ־לאניסט ג.... האט זיך זיין כח הדמיון צעשפיעלט נאך מעהר ווי ביי אונז. א גרויסארטיגער פלאן. אט איז טאקי פאראן א שטיק לאנד נים ווייט פון דער קאלאניע. עס גע־הערט צו א געוועזענעם קאלאניסט, וואס איז איצטער אין ניו יארק. וועט ער תיכף שרייבען צו איהם. ער גלויבט, אז מע וועט די ערד קריגען אין גלייכען געלד.

---

הייסט עס מיט לאנד זיינען מיר שוין פערזארגט. מיט קינסטלער וועט זיין א קנאפע דאגה.

אז מיר ריידען פון דעם פלאן ווערט אונז יום־טוב׳דיג אויף׳ן הארצען.

פיער האבען מיר שוין. אש, ניט איינס: דער זאַר־לאַנ אהרני, ניט צוויי: דער דיכטער פיכמאַן, ניט דריי און איך, ניט פיער.

---

פאַראַן אין רחובות א יונגער קליין־נעוויקסיגער, בלאָנדער אַגראָנאָם פון א יאָהר דרייסיג. זיין פאָטער איז א רוסישער איד, וואָס האָט זיך בעזעצט אין בעלגיען און איז דאָרט געוואָרען א רייכער דימענט־הענדלער. ער אַליין האָט אויסגעשטודירט אַגראָנאָמיע און איז אוועק אין בראַזיליען, וואו ער האָט פערנומען א פּראָפעסאָר־שטעל אין אַן אַגריקולטור־שולע. פון דאָרט איז ער געקומען אַהער צו זיין דער אויפזעהער איבער דער גרויסער באַיאַרע, וואָס זיין פאָטער צוזאַמען מיט נאָך בעלגישע אידען האָבען גע־קויפט אין רחובות.

ער בעקענט זיך מיט מיר און מיט אש'ן און לאַדט אונז ביידען איין איהם צו בעזוכען.

ער איז נאָך א בחור, אָבער ער בעוואוינט א שעהן הויז מיט אַזוי פיעל אייראָפּעאישע קאָמפאָרטען פיעל מע קען האָבען אין רחובות. ער ווייזט אונז זיינע ביכער, זיינע בילדער און אַנטיק־זאַכען. מיר איילען זיך ניט מיט אונ־זער בעוואונדערונג. מיר וואַרטען ביז ער איז אונז מכבד מיט זיסע ליקערען. ערשט דאַן ריהמען מיר זיין פיינעם געשמאַק מיט אמת גוטען געוויסען.

ענדליך —

נעהמט ער אַרויס פון א שופלאַד אַן עלעגאַנט איינגע־

בונדענע העפט, און נעהמט מיר פארלייענען זיינע פראנ־
צויזישע ליעדער...

ער דעקלאמירט אויסגעצייכענט. די פראנצויזישע נאז־קלאנגען געבען צו זיין דעקלאמאציאן א פייערליכען טאן... איך זעה, אז ער איז שטארק בעגייסטערט פון זיין פארלעזונג. איך זוך מיט די אויגען אש'ן ער זאל מיך אויס־העלפען. וואס עפעס איך אליין?... זעה איך, אז אש האט זיך גאנץ פיין אויסגעטרונקען זיין בענעדיקטין און זיך ארויסגעמאכט אין א צווייטען צימער. מיך געלאזט הייסט עס, אין שטיך. איך וועל עס איהם קיינמאל ניט פערגע־סען...

---

דאס איז נים דאס איינציגע מאל וואס אש האט מיך געלאזט אין שטיך.

איין מאל שפאצירען מיר אזוי צוזאמען דורך דער קאלאניע. מיט אמאל געהט־צו צו אונז א יונגער פועל אנ־געטהאן אין בעדואינישע מלבושים, און איידער וואס־ווען, ציהט ער ארויס פון בוזעם — א ליעד...

ער איז א שומר אין א כרם. ער לעבט „נאהענט“ צו דער נאטור, און מיט אויסגעשטערענטע נעכט איז ער אויף „דו“. איז בכן וויל ער הערען מבינות...

שווערט זיך אש, אז ער איז קיין מבין ניט, גיט זיך דער בחור א נעהם צו מיר. דעמזעלביגען תירוץ זאגען פאסט ניט. עס ווילט זיך זיין אריגינעל. הייס איך איהם קומען אן אנדערם מאל.

איז אש געווען צונאסט אין רחובות און איז אוועק־

געפאהרען, און איך האב דעם אידישיסטישען בעדואינער געהאט דערנאך א לאנגע צייט אויף מיינע הענד...

---

מיר זיינען געזעסען ארום דעם בליץ־לאמפ פון דעם מלון קליוויצקי און האבען גערעדט פון דער יק"א און פון ארגענטינא, און פון אלערליי אנדערע זאכען, ביז מיר זיינען געקומען צו אידישע ליעדער.

זאגט דער גרייז־גראהער פיינבערג, ער וועט אונז דעקלאמירען דאס שעהנסטע ליעד וואס איז דא אין איד־דיש. עס איז א לאנג ליעד אבער ער געדענקט עס אין גאנ־צען אויסוויינינג נאך פון פופציג יאהר צוריק.

האט ער דעקלאמירט יהודה ליב גארדאן'ס ליעד „שמחת תורה". און זיינע אויגען האבען געגלאנצט ווי פאר פופציג יאהר צוריק, ווען די האאר זיינען נאך געווען שווארץ ווי פעך... מען האט געזעהען ווי דאס הארץ געהט דעם אלטען אוים פאר בענקשאפט... דערביי האבען די צוויי ווייסע רייהען פון אריינגעשטעלטע צייהנער משונה געקלאפט איינע אן דער צווייטער...

---

דער פלאן פון א קאלאניע פון יחידי סגולה האט נושא חן געווען אפילו אין די אויגען פון דעם געשעפטסמעסי־גען מיליאנער פ... מיר האבען גערעדט מיט אזא איבער־ציינונג און אזא התפעלות, אז מיר האבען איהם אויך אנ־געשטעקט. פאר זיין אבפאהר האט ער מיך געבעטען אויב עס וועט עפעס ממשות'דיגעס ארויסקומען, זאל איך איהם לאזען וויסען.

## איך האב איהם צוגעזאגט...

איינער פון די עולי רגל פון ווארשא האט מיר גע־בראכט פון מיין שוועסטער א פאקעט מיט כל־טוב. דערי־נען איז געווען א גרויסע געוויכערטע צונג.

איז געבליבען ביי מיר און אש'ן, אזוי ווי א צונג האָ־בען מיר, זאָלען מיר זיך אליין מאכען א באנקעט, און דער באנקעט זאל אפגעהאלטען ווערען אין אהרני'ס הויז.

ארום ניין א זייגער, אין א קיהלער שמעקעדיגער נאכט, האבען מיר אנגעפילט אונזערע קעשענעס מיט גר־טע זאכען צו עסען און צו טרינקען און האבען זיך אוועק־געלאזט איבער'ן בערגעל צו דעם זאאלאג'ס דירה.

די צונג איז שוין אוועקגעשיקט געווארען לאנג א פריי־הער און אלע געהעריגע הכנות זיינען געמאכט געווארען פאר דער סעודה.

אז מיר זיינען געקומען איז שוין געווען דער טיש געדעקט און די אבגעבראטענע ווארשאווער צונג האט זיך גע'חנ'דעלט מיט די צוגעברוינטע ארץ־ישראל'דיגע בול־בעס.

מיר האבען זיך ארומגעזעצט ארום דעם וואקעלדיגען טיש, ווער אויף דער זאפא, ווער אויף א בענקעל, און האָ־בען קודם כל זיך אריינגעלאזט אין א ויכוח מכח אידיש, ווי אונזער שטייגער איז געווען ווען מיר פלעגען זיך צו־זאמען קומען. איז געווארען א ליארעם און א געפילדער. אז מע האט געקענט הערען פון יענער זייט קאלאניע.

אז מיר האבען זיך שוין צוקריגט און די גרגרת איז

געוועז איטליכעז טרוקעז פון שרייען, האבען מיר זיך גע־
נומען צו דער סעודה.

מיר האבען זיך זעהר פיין משמח געווען. מעהר ניט
יעדער מאל וואס איך האב גענומען א ביסען אין מויל, איז
מיין אויג געפאלען אויף אן איינגעמארינירטע יאשטשער־
קע, וואס איז געשטאנען אין א סלאי אויף דער אנטקע־
גענדיגער פאליצע. פלעגט מיר דער ביסען בלייבען שטע־
קען צווישען די צייהנער.

די געשיכטע מיט דער „אילת אהבים“. וואס קען ניט
געפינען קיין אידישען קונה, איז מיר קיינמאל ניט ארויס
פון זינען פון דעם טאג אן. ווען אהרני האט עס מיר צו־
ערשט דערצעהלט.

אז דער פעטערבורגער מיליאנשטשיק איז געקומען
אין אונזער האטעל איז מיר איינגעפאלען. אז עס וואלט
געווען א יושר גמור איהם צו פעראינטערעסירען מיט דער
דאזיגער חיה. אולי ירחם.

אין רחובות האב איך געהערט, אז ער פערמאגט ניט
א קאפיקע ווענינער ווי פופצעהן מיליאן רובעל. א סברא
אז מעהר. אין תל־אביב האט מען געזאגט, אז פונפצעהן
ניט, אבער זעקס לכל הפחות.

קלער איך, דריי מיליאן האט ער דאך אודאי, און אזוי
ווי אפקויפען די „אילת אהבים“ קען מען מיט א פיער־פינף
הונדערט רובעל, וועט ער דאך א ווארט ניט זאגען און וועט
גלייך אן עפען טהאן דעם בומאזשניק:

— אזא קלייניגקייט, פאזשאלוסטא...

האָב איך מיט אַש'ן איהם אַריבערגעפיהרט צו אהרני'ן, האָט איהם דער זאַלאַג בעוויזען זשוקעס, ביע־נען, פליגען, מייז און פויגלען, און מיר זיינען געשטאַנען דערביי און האָבען געהאַלטען אין איין כאַפּען התפּעלות...

דערווייל ציה איך אַרויס דורך אַ קונציגען קריי־פערהער פון אהרני'ן דעם גאַנצען ספּור פון זיין זאַלאַגי־שער טהעטיגקייט, און פון דער שטיצע וואָס ער קריגט נ י ט, און פון די אונגעהייערע שוועריגקייטען אונטער וועלכע ער מוז אָנפיהרען זיין אַרבייט און — פון דער „אילת אהבים". זאָל דער גביר וויסען.

שלום אַש צעהיצט זיך און שיט פּעך־און־שוועבעל אויף דער אונדאַנקבאַרקייט פון דעם כלל־ישראל. איך האַלט אין איין שרייען, אַז אַז עגלה ערופה וועט מען דאַר־פען ברייננען און קוק מיט אַ ווינקעל פון אויג אויף'ן גביר.

הערענדיג אונזערע דבורים דערמאָנט זיך מאַדאַם אהרני אַן זייער קלאָגעדיגען מצב און שיסט אויס מיט אַ ביטערען געוויין...

לאַנג לעבען זאָל מאַדאַם אהרני.... איהר געוויין איז איצט ווי געוואונשען.

דער מיליאָנשטשיק שווייגט, אבער איך וויים, אַז ער איז טיעף געריהרט... כמדומה לי, אַז זיינע אויגען זיינען אַ קאַפּעלע פייכט. די „אילת אהבים" איז שוין אונזערע, און אויב איך מאַך קיין טעות ניט, וועט אהרני האָבען אַז איינען הויז און אַ יעהרליכע סטיפּענדיע.

אָבער מיר לאָזען ניט אָפּ. עס איז נאָך געבליבען אַ סלאָי מיט אַ קליינער שלאַנג. זאָל ער ד אָ ס אויך

זעהן. זאָל ער זעהן אהרני'ס גרויסקייט און געבען ביד נדיבה...

דער מיליאָנשטשיק האט געטהאן א קוק, און זיין האַנד האָט זיך אויפגעהויבען...

מיין הארץ טהוט א שפּרונג. דאָס געהט זי צום בומאַזשניק.

וויפיעל אַן ערד? א טויזענדער מסתמא, און א צר זאָג אויף נאָך, שפּעטער.

די האַנד הויבט זיך און הויבט זיך און שטעלט זיך אָפּ קעגען — מויל...

דער מיליאָנשטשיק טהוט א שטאַרקען געגעץ און זאָגט: —

— שוין שפּעט, צייט שלאָפען....

# XXXVI.
# די חגיגה

זיי זיינען צו שפּאַטען געקומען,
אונ וואו איז געבליבען דער שפּאַס?
זיי זיינען צו צווייפלען געקומען
און האָבען געפונען אַ גאַס...

האָט אויג אין אַ אויג זיך געבאָדען,
און הארץ צו אַ הארץ האָט גענעהנט,
האָט רינג אין אַ רינג זיך געקייטעלט,
און ברודער האָט ברודער דערקענט...

און ווער האָט בעוויזען דעם וואונדער?
און ווער האָט דעם שופר געשאַלט?
געה פרעג ביי די בוימער בעזונדער:
אין וועמען פון זיי איז דער וואַלד...

טייערער...

...אויף מיין מזל איז די זיבעטע יעהרליכע חגיגה עממית (פאָלקס־פעסט), אָדער ווי מע רופט עס קורץ, די „חגיגה", נאָך אַלעמען דאָך אָפּגעהאַלטען געוואָרען הייני־טיגען חול המועד פסח, אין רחובות.

צוליעב דעם מאָרד־פּראָצעס וואָס די אַראַבער פון דעם דערבייאיגען דאָרף זארנוקא האָבען מיט די קאָלאָ־

ניסטען פון רחובות, האָט מען לכתחלה גערעכענט, אַז עס וועט זיין בעסער ניט אויפצורייצען די שכנים דורך אַ גרויסע אידישע פערזאַמלונג. דערצו נאָך האָט פּתח תקוה, די גרעסטע אידישע קאָלאָניע אין יהודה, שוין לאַנג מקנא געווען רחובות איהר „חגיגה” און האָט געוואָלט דעם יום־טוב אַריבערברענגען צו זיך. איז אָבער געבליבען אַז מע טאָר דעם מנהג ניט ברעכען. שוין זיבען יאָהר ווי די רחובות'ער האָבען אויף דעם פאָלק־פעסט אַ חזקה. האָט מען געמאַכט די „חגיגה” אין רחובות, און עס איז אַרויס־געקומען נאָך שעהנער און יום־טוב'דיגער ווי אַלע מאָל.

די הכנות פאַר דעם גרויסען יום־טוב האָבען זיך אָנ־געהויבען נאָך מיט וואָכען צוריק. די מיטגליעדער פון דעם ועד־החגיגה זיינען אַלע געווען פערהאָוועט און פער־נומען. מע האָט ראשית בעדאַרפט אָפּרייניגען און אַרומ־צאַהמען דעם „מקום החגיגה” — אַ גרויסען פרייען פּלאַץ נאָהנט פון דער קאָלאָניע. דערנאָך האָט מען געמוזט אויפ־שטעלען ביידלעך פאַר די פערשיעדענע אויסשטעלונגען, אַ בימה פאַר די רעדנער, שטאַנגען צו קלעטערען א. א. וו., אחוץ דעם איינריכטען אַ ביליגען מזנון (בופעט) אונטער'ן פרייען הימעל, כדי די וואָס קומען פון דער פרעמד זאָלען קענען, פאַר אַ פּאָאַר מעטעליק קריגען מצה, אייער, הע־רינג און קאַווע אָדער טהעע.

און געאַרבייט האָבען אַלע אויף דער צוגרייטונג פון דער „חגיגה” מיט דער זעלביגער פלייסיגער אויפגעראַמט־קייט און התלהבות, מיט וועלכער פרומע אידען וועלגערען מצה שמורה.

וואָס אַ טאָג נעהנטער צו דער „חגיגה“, איז מען גע־וואָרען אַלץ פיעבערישער און אומגעדולדיגער. מע האָט דערמאָנט די „חגיגה“ פון פאַר־אַ־יאָהרען, און פאַר צוויי יאָהרען און פאַר דריי יאָהרען. מע האָט געבעטען גאָט עס זאָל ניט רעגענען און די שמחה זאָל ניט צושטערט ווערען, און מע האָט אויסגערעכענט די גרויסע געסט וואָס וועלען היי־יאָהר קומען.

דעם גאַנצען פריה־מאָרגען פון דער „חגיגה“ און אַ טאָג פ אַ ר דעם, זיינען אַלע וועגען וואָס פיהרען אין דער קאָלאָניע געווען שוואַרץ מיט מענשען. יונגע לייט זיינען געקומען אויף פערד וואָס זיינען געווען בעהאַנגען, אויפ'ן בעדואינישען שטייגער, מיט טראָדלען און מיט פרענדז. אַנדערע זיינען געריטען אויף קליינע אייזעלעך וואָס זיינען געווען פיעל שטאַרקער ווי זיי האָבען אויס־געזעהן. דאָ און דאָרט האָט געשפּרייזט אַ קעמעל הוידענ־דיג אויף זיין הויקער אידישע מיידלעך פון אַ דערבייאיגער „מושבה“. וועגען, בריטשקעס, קאַטשען און דיליזשאַנסען אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירען און צווישען זיי אַ גרויסע מחנה פון פוס־געהער, האָבען זיך געצויגען איבער די זאַמ־דיגע טראַקטען, אין דער קאָלאָניע אריין.

די יפו־ירושלים באַהן־געזעלשאַפט האָט צוליעב דער „חגיגה“ געהאַט אַ ספּעציעלען צוג פון יפו קיין רמלה. פון דאָרט איז מען אויף אייזלען געקומען קיין רחובות.

אין אונזער האָטעל איז געווען ניט אַ שפּילקע אריינ־צוּוואַרפען. עס זיינען געווען געסט פון אַלע טיילען פון אייראָפּאַ, פון אַמעריקאַ, פון ניי־זעעלאַנד... די גאַנצע קאָ־

לאַניע האָט געזומט ווי אַ ביען־שטאָק. דאָס וועטער איז געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר׳ן יום־טוב.

ס... וואָס איז אהער געקומען מיט דער ציוניסטישער „רעוויזיאָנס קאָמיסיאָן״, איז איינגעלאָדען געוואָרען צו האַלטען דעם „נאום החגיגה״ (פעסט־רעדע). ס... איז ניט פון די נערוועזע נאַטורען און ניט קיין שטימונגס־מענש. ער האָט שוין אין זיין לעבען אַזוי פיעל געשריבען און גערעדט ביי אַלערליי געלעגענהייטען, אַז עס איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלען אַז ער זאָל זיין אויפגערע־דערט און צוטראָגען, אָדער האָבען אימתא דצבורא, איי־דער ער האַלט אַ רעדע.

אָבער היינטיגס מאָל איז ער יאָ געווען צוטראָגען און צורודערט. דאָס האָט מען געקענט זעהן אויף זיין געזיכט. די קדושת היום, דער הייליגער ערנסט פון דעם מאָמענט האָט זיין געוועהנליכע לייכטקייט און זיכערקייט פון איהם אַפּגענומען...

דער מאָמענט איז געווען אַזוי פיעל גרעסער פון איהם און פון אַלע זיינע גלענצענדע עפּיגראַמען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איצט בין איך אַ „חאַדזש״. די אַראַבער רופען מיט דעם נאָמען איינעם, וואָס איז אין מעקאַ געווען, און האָט די הייליגע קאַ׳אַבאַ געזעהן. איך בין אין רחובות גע־וועזען און האָב די „חגיגה״ געזעהן. דעם טיטעל וועל איך מיר איצט נעהמען...

איך בין געשטאַנען נעבען דעם „בית־עם״. אַרום מיר האָט געווימעלט אַ טויזענד־קעפּיגער עולם אָנגעטהאָן אין

אלערליי אָריענטאַלישע און האַלב־אָריענטאַלישע מלבושים. מע האָט זיך צוגעגרייט צו דער „תהלוכה” (פּראָצעסיאָן) ארום דער קאָלאָניע, מיט וועלכער די „חגיגה” הויבט זיך געוועהנליך אָן. פון אויבען האָט אראָפּגעקוקט א בלאָער הימעל, אַן ארץ ישראל'דיגער הימעל, און די זון, אַן ארץ ישראל'דיגע זון, האָט אַלע קעפּ בעשאָטען מיט שטראַהלען. מיט אַמאָל האָט דער „תזמרת” (אָרקעסטער) פון ראשון לציון אויפגעשפּיעלט א לוסטיגען מאַרש און אַלע הערצער האָבען א פּלאַטער געטהאָן... און איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וואָס טאַנצט און ציטערט איצט אין מיר, טאַנצט און ציטערט אין די אַלע מוויזענדער וואָס איך זעה ארום זיך, די זעלבינגע לייד־דען געליטען און איצט דיזעלבינגע שמחה ביי אונז אַלעמען...

א פאָלק איז תחית המתים אויפגעשטאַנען. ווי איז דאָס געשעהן? ווער האָט דאָס צושטאַנד געבראַכט? ווער האָט דעם נס בעוויזען? ווער איז דאָ דער משיח און דער גואל געוועזען?

נעבען מיר איז געשטאַנען א סוחר פון רוסלאַנד. א פּראַקטישער אידשער פּקח וואָס האָט זיך א גאַנצען פריה־מאָרגען געוויצעלט און געמאַכט צו קליין־געלד אַלצדינג און אַלעמען... אויף אַלצדינג האָט ער געהאַט אַן המצאה אָדער א ציניש ווערטעל. האָט ער זיך איצט אָפּגעקעהרט אַן א זייט פון מיר, איך זאָל זיינע טרעהרען ניט זעהן...

שפּעטער בין איך געשטאַנען אויף איינעם פון די בערגלעך פון וועלכע מע לאָזט זיך אראָפּ צו דעם „מקום

החגיגה", און האָב געקוקט אויף דער גרויסער מענשען־מאַסע.

דאָס רוב זיינען געווען אָנגעטהאָן אין ווייסע אָדער שטרויענע היט און אז זיי האָבען זיך בעוועגט, האָט עס אויסגעזעהן פון דער ווייט אַזוי ווי אַ לייכט זומער־ווינדמעל וויעגט און צובלאָזט אַ פעלד געדיכט בעוואקסען מיט ווייסע און געלע ראָמאשקעס...

האָט זיך ס... אויפגעשטעלט אויף דער בימה און ער האָט גערעדט העברעאיש און האָט געזאָגט: —

„דער פאָטער פון ציוניזם האָט געזאָגט: אויב איהר ווילט, איז דאָס ניט לעגענדע. און איך זאָג מ ע ה ר, צי איהר ווילט יאָ צי איהר ווילט ניט, עס איז ניט מעהר קיין לעגענדע...

און הינטער דעם רעדנער ווייט ווייט אוועק האָבען זיך געשפרייט די גרינע מאַנדעל־גערטנער און די זילבער־גראָע אָליווען־גערטנער און נאָך ווייטער, האָבען די הרי־יהודה הינטער זייער דינעם נעבעל־גאַרדין, זיך די אויגען געריבען:

— ווען האָבען זיי אַזאַ יום־טוב געזעהן ?...

און אַז ס... האָט געענדיגט זיין רעדע, האָבען די איד־דישע שומרים פון זייערע ביקסען אין דער לופט געשאָסען, און אידישע רייטער האָבען בעוויזען אַלערליי „פאַנטאַזיאַס" אויף זייערע פלינקע פערד...

— — — — — — — — — — — — — — —

עס זיינען געווען אויסשטעלונגען פון פערשיעדענע

פראָדוקטען פון דעם נייעם ישוב. אָרעם, ווינציג, אָבער דער פעסטער גוטער ווילען אומעטום...

איך בין צוגעגאַנגען צו דעםביידעל וואו עס איז גע־ווען אויפגעשריבען:

„תעשית בשח מפרחי הכרמל והשרון" (פאַבריקאַ־ציאָן פון פערפומען געמאַכט פון כרמל־ און שרון־בלומען).

האָב איך געקויפט אַ פלעשעלע. איך האָב געוואָלט האָבען אַ דופטינגען זכר פון דער שעהנער חגיגה...

איך האָב געקוקט אויף דעם קליינעם פלעשעלע, גע־מאַכט אין עסטרייך אָדער אין דייטשלאַנד און אָנגעפילט מיט כרמל און שרון...

ווארטה זיך צו פערטראַכטען... כרמל און שרון אַליין איז ניט גענוג. מיר ווערט אין ארץ ישראל די ראָלע פון דעם גלות אַלץ קלערער, און קלערער ווערען מיר אויך די פערמעגענס וואָס מיר האָבען ווילענדיג, ניט ווילענדיג אויף אונזער וואַנדערונג אָנגעזאַמעלט, די לייד־טערונג און די רייניגונג וואָס מיר האָבען געקריגען... אַ קוק אויף די שפלות פון די אַראַבער פאַר וועמען דער שטענדיגער זונענשיין איז געוואָרען שטאַט אַ ברכה — אַ קללה, איז מיר גענוג דאָס קלאָר צו מאַכען. דער איסלאַם געבאָרען אונטער די בלאַסטע הימלען און אין אַ ים זונענ־שיין, איז די מרה־שחורה'דיגסטע אמונה פון דער וועלט...

...וויפיעל האָבען אונז די שנעען און די צפון־שטור־מעס געגעבען!... איצט וועלען מיר די עשירות פון די שנעען איבערפלאַנצען אין דעם לאַנד פון אייביגער גרינ־קייט, דעם שטורעם'ס און דעם ווינטער'ס מתנות — אין

דעם לאנד פון שעהנקייט און ליכטיגקייט... ארויסשפּראַ־
צען וועט אַ וואונדער־שפּראָצונג, אַ צונויפפּאַרונג פון
דעם אַריענט וואָס האָט דער וועלט אַ גאָט געגעבען, און
דעם אָקצידענט, וואָס האָט דעם מענשען געשאַנקען זיך
אַליין און איהם גנעלערענט דעם גענוס פון זיין אייגענער
קראַפט...

ווי טייער ארץ ישראל זאָל אונז ניט זיין, איז זי דאָך
ניט גענוג טייער מיר זאָלען זי אָננעהמען אין חלוף פאַר
אונזער חלק אין דער גרויסער שותפות־ירושה פון די פעל־
קער... מיר וועלען זיך פון גאַרנישט אָפּזאָגען, און אַן
איינציגען טריט אָהינטער וועלען מיר ניט געהן. ארץ
ישראל זאָל זיין פאַר אונז כלו ריוח.

...מיר זיינען ווידער עולי רגל... אָבער זעה וואוהין ?
ניט צו די קאַלטע וועגד פון ירושלים, נאָר צו דעם לעבע־
דיגען פרישען וואקסענדען לעבען... מיר זיינען עולה־רגל
צו די גילדערנע אָראַנזשען, צו די וויינשטאָקען...

אפילו אונזערע זקנים וואָס קומען אין ארץ ישראל
גאָט דיענען, הויבען אָן צו פערשטעהן, אַז דער גאָט פון
ישראל רוהט צווישען כרמים און מאַנדעל־גערטנער... מיר
האָבען דאָ אַכציג און נײַנציג יאָהריגע זקנים וואָס האָבען
זיך בעזעצט אין רחובות כדי צו קענען זיצען יומם ולילה
און לערנען...

אַלע אונזערע ביזהעריגע יום־טובים זיינען דערמאַ־
נונגען געוועזען. אָט איז אַן ערשטער יום־טוב וואָס איז
ניט אַ דערמאָנונג, נאָר אַ קבלת־פּנים פאַר דער צוקונפט...

...איצט הער איך שוין ווי די קאָנספּען פּלאַצען. איך

ווייס, אז אומעטום וואַקסט עס און מעהרט זיך. און מיין נוסח איז דער אַלטער: „עס מעג זיך זאמען, אָבער יע־דען טאָג וואַרט איך דערויף עס זאָל קומען...” עס איז ש ו י ן געקומען. דער אונטערבאַדען איז פול ווי אַן אויג מיט זאפטען און אַלץ וואָס מיר וועלען זעען און פלאַנ־צען, וועט געראַטען. אַ שפע וועט זיין...

די ווייטע, ווייטע צוקונפט שטרעקט אויס איהר האַנד און שליסט זיך צוזאַמען מיט דער אַלטער פערגאַנ־גענהייט און שלעפט זי אַריבער צו זיך... א י ב ע ר אונז און ד ו ר ך אונז, צי מיר ווייסען עס יאָ אָדער ווייּ־סען עס ניט, געהט אַן דידאַזיגע צונויפשליסונג...

ווערט מיר דאָס האַרץ אַזוי פול און מיך שטיקט דאָס איבעררייכטום. איך וואָלט עס וועלען אין איין גרויסען גליהענדען וואָרט אַרויסגיסען. אָבער מיר איז עס ניט בעשעערט... איך בין מקנא דעם וואָס וועט זינגען דאָס גרויסע ליעד פון ארץ ישראל. דאָ אויף דער ערד פון ארץ ישראל וועט עס געשאַפען ווערען.

עס וואַקסט דאָסדאָזיגע שעהנע גרויסע ליעד און דער גאָט־געבענשטער וואָס וועט קומען, וועט עס אַרונטערפלי־קען אַזוי לייכט ווי איך פליק אַ געלע מאַרגעריטקע...

— — — — — — — — — — — — — — —

אין אָבענד איז געווען אַ קאָנצערט אין „בית־עם”. עס זיינען אויך געווען פייער־ווערק און די מושבה איז גע־ווען פול מיט געזאַנגען. די צוויי האָטעלען האָבען גע־האַט פלאַץ בלויז פאַר ווענינע. די גאַסטפריינדליכקייט פון די קאָלאָניסטען איז צו הילף געקומען. אָבער אַ גרויסע

צאהל האט געמוזט שלאפען אונטער'ן פרייען אויסגע־
שטערענטען הימעל...

צוויי מיידלעך זיינען אויף א ברייטען בוים ארויפגע־
קראכען, און האבען דארט די נאכט ווי עס איז צוגע־
בראכט...

— — — — — — — — — — — — — — —

עס איז א זכות דא צו זיין. אז דו וועסט אהער, אין
דעם שעהנעם לאנד קומען, וועסטו אליין שעהנער ווערען,
**און וועסט אליין פון זיך הנאה האבען...**

**דיין...**

XXXVII.

# אבו־שושא

ע... אמאל אין זיין יוגענד א ראדיקאל און איצט א הייסער ציוניסט, האט מיר, דר. זשיטלאווסקי'ן, וואס איז מיט איינינע טעג צוריק אנגעקומען, און א הויכנעוויקסינער דאמע, וואס רעדט דייטש מיט א רוסישען ריח און רופט זיך דר. קאהן — איינגעלאדען זיך דורכצופאהרען מיט איהם אין דעם אראבישען דארף אבושושא, וואס ליעגט צופוסען פון די הרי יהודה.

ע... וואוינט אין לאנדאן, אבער זינט א קורצער צייט איז ער אין פאלעסטינא. אין שותפות מיט א גרופע פון רייכע רוסישע אידען, האט ער אפגעקויפט א גרויס שטיק לאנד נעבען „אבו־שושא" און וויל דארט אויפבויען א אר־דישע קאלאניע.

נעבען דעם פלאץ וואו עס געפינט זיך איצט דער אראבישער דארף איז אמאל געשטאנען די שטאדט „גזר", וועלכע ווערט פיעל דערמאנט אין תנ"ך און אויך אין די טאוולען, וואס מע האט געפונען אין תל־על־אמארנא. פון דער דאזיגער „גזר" ווערט עס דערצעהלט אין יהושע, אז ווען די אידען זיינען אריין אין ארץ ישראל „האבען זיי דעם

כנעני פון דארט נים פערטריבען, און דער כנעני איז גע־
בליבען וואוינען צווישען דעם שבט אפרים ביז היינטיגען
טאג, און ער האט געצאהלט צינז".

---

ארויספאהרענדיג פון רחובות איז דער וועג נעגאנגען
דורך גערטנער און פעלדער, און פון ביידע זייטען האט זיך
דאס אויג געקוויקט מיט זון־בעגאסענער גרינקייט. באלד
אבער איז די געגענד געווארען אפגעלאזען. ארעם און
האלב־וויסט. דער וועג איז געווארען פעלזיג און שטרויי־
בעלדיג, און וואס ווייטער אלץ שטייניגער און וויסטער.
מ'האט געקענט זעהען, אז זעלטען ווען פאהרט דא עמיצער
דורך.

ערטערווייז איז דער יונגער אידישער אראבאדזשי גע־
פאהרען גלאט אין דער וועלט אריין, אהן א שום וועג, אי־
בער שטיינער און צווישען פעלזען, און מע האט זיך גע־
מוזט גוט צוהאלטען אויב מע האט נים געהאט בדעה
ארונטערצופאלען.

---

אויף'ן וועג האט פאסירט א קליינער צופאל, וואס
האט געקענט האבען שווערע פאלגען, ווען מיר אלע מיט
ע... בראש וואלטען זיך נים אריינגעמישט אין צייט.

מיר האבען דערפון געלערענט, ווי לייכט עס קען אפט
קומען צו בלוטיגע צוזאמענשטויסען צווישען אידען און
אראבער, צוליעב דער ניט־פארזיכטיגקייט אדער חוצפה
פון אן אונפעראנטווארטליכען נפש.

כדי אויסצומיידען די שטיינער, איז דער אנטריי־

בער, אַ האַלב אַראַביזירטער ארץ־ישׂראל'דיגער בעל־עגלה, מיט אמת פוהרמאַנסקעז יושר, אַרויפגעפאָהרעז אויף אַ פריש־צעאַקערטעז שטיק פעלד. אַז אַראַבער, קענטיג דער בעל־הבית האָט עס פוז ווייטעז דערזעהז און האָט איהם צוגעשריעז ער זאָל אַראָב פוז זייז פעלד. אַבער שטאָט צו געהאָרכעז, האָט דער בעל־עגלה אַנגעהויבעז זידלעז דעם אַראַבער בקול רם און איז דערווייל געפאָהרעז אַלץ ווייטער אויף די אויפגעאַקערטע בייטעז.

איז דער אַראַבער געוואָרעז אַז אַנגעצונדענער. האָט ער זיך האַסטיג איינגעבויגעז, אַ כאַפּ געטהאָז אַ שטייז און זיך געלאָזט לויפעז צו אונז. נאָך אַ פּאָאר אַראַבער, וואָס האָבעז פוז די דערבייאיגע פעלדער צוגעזעהז די עזות פוז דעם פוהרמאַז, האָבעז זיך אויך אַ לאָז געטהאָז איז אונזער ריכטונג. זיי זיינעז אַלע געוועז שרעקליך אויפגעבראַכט.

ווער ווייס וואָס פאַר אַז אומגליק עס וואָלט געשעהז, ווען ע... און מיר אַלע וואָלטעז זיך ניט אַריינגעשטעקט. דער קוטשער האָט זיך ניט אַנדערש געריסעז פאָהרעז ווייטער, און מע האָט קוים מיט געוואַלט איהם צוריקגעהאַלטעז.

דאָס ביסעלע אַראַביש וואָס ע... האָט זיך אויסגעלערענט איז דער קורצער צייט, וואָס ער איז איז פּאַלעסטינא, איז איהם איצט זעהר צוניץ געקומעז. מיט זייז הייפעלע ווערטער, אַרויסגערעדט מיט אַ „ציוניסטישעז“ אַקצענט, איז איהם דאָך ווי עס איז געלונגעז צו בערוהיגעז די אויפגערעגטע אַראַבער, און די געשיכטע איז אַריבער בשלום.

איך האָב זיך איז האַרצעז געשעהמט... איז אַמעריקאַ

וואלט דאך א פארמער פאר אזא נידערטרעכטיגקייט זיין ביקס געברויכט. און וואלט ער געשאסען, וואלט איהם די דזשורי איינשטימיג פרייגעשפראכען...

---

וואס נעהענטער מיר זיינען געקומען צו די הרי־יהודה אלץ מעהר האבען זיי פערלוירען דעם חן פון נע־בעלהאפטיגקייט און פער'חלום'טקייט, וואס זיי האבען, ווען מע קוקט אויף זיי שטעהענדיג אויף איינעם פון די בערגלער ארום רחובות.

דער בלאהער שלייער איז געווען אראפגעריסען, און עס האבען זיך ענטפלעקט גראהע, מיאוסע, קרעציגע בארג־רוקענס.

מיר זיינען געווען פנים אל פנים מיט די העסליכע וואכעדיגע ווירקליכקייט...

---

ענדליך זיינען מיר אנגעקומען אויף דעם ארט פון דעם אלטען „גזר". פון אלע זייטען האבען זיך געזעהן אפע־נע גריבער און אנגעשאטענע ערד־הויפענס, סמנים פון די אויסגראבונגען וואס דער בעריהמטער מאק־אליסטער צו־זאמען מיט אנדערע ענגלישע ארכעאלאגען האבען דא גע־מאכט.

די דאזיגע אויסגראבונגען זיינען געמאכט געווארען מיט א יאהר צעהן צוריק, אויף א זעהר גרויסען מאסשטאב און האבען געדויערט מעהרערע יאהר נאכאנאנד. שיכט נאך שיכט האבען זיך ארויסגעוויזען די שפורען פון די

פערשיעדענע פעלקער, וואס האבען אין פערשיעדענע צייטען דא געוואוינט.

צוערשט קומען די „חורים“ פון חומש, וועלכע האבען געוואוינט, ווי זייער נאמען בעדייט („חור“ — לאך, הייהל), אין לעכער אדער הייהלען. זיי האבען דא געלעבט ביז אז ערך פינף טויזענד יאהר צוריק.

שפעטער מיט א יאהר פינף הונדערט, ווען די סעמיטען האבען אנגעהויבען אריינשטראמען אין פאלעסטינא, האבען די כנענים פערנומען דעם פלאץ פון די „חורים“*)

נאך שפעטער האבען די קיניגען פון מצרים פערשפרייט זייער ממשלה און זייער עגיפטישע קולטור איבער „גזר“.

אין מלכים שטעהט : „איז געקומען פרעה דער קיניג פון מצרים און ער האט בעצוואונגען די שטאדט גזר און ער האט זי פערברענט אין פייער, און דעם כנעני, וואס האט דארט געוואוינט, האט ער אויסגע'הרג'עט און ער האט די שטאדט געגעבען אין גדן צו זיין טאכטער, די ווייב פון שלמה'ן“.

„לעהמענע“ דאקומענטען, וואס מע האט געפונען אין די אויסגראבונגען, בעווייזען, אז די מצרים האבען קיינמאל „גזר“ אין גאנצען פון זייער האנד ניט ארויסגעלאזען.

*) עס איז כדאי דא צו דערמאנען, אז מאקאליסטער'ס אויסגראבונגען האבען צווישען אנדערע מערקווירדיגקייטען ארויסגעבראכט דעם פאקט, אז די אור־אלטע פעלקער פלעגען מקריב זיין צו זייערע אפגעטער חזרים, און דאס זאל געווען זיין דער טעם פארוואס משה האט די בני ישראל פערבאטען צו עסען די דאזיגע אומווירדינקייט.

מעהר ווי די הכנסה האט די עגיפטישע פרינצעסין ניט געהאט. און נאך איהר טויט האט מען דעם נדן גאנץ שעהן צוריקגענומען.

---

הייסט עס, אז מיר זיינען געפאהרען אויף שלמה׳ס נדן. איצט וואלט א געפאלענער בעל־הבית זיך גע־שעהמט צו געבען אזא נדן. א דאקטאר קריגען וואלט מען דערפאר ניט געקענט. דאס איז זיכער. און דעמאלט האט מען פאר אזא נישטיגע נחלה געקענט כאפען פאר אן איי־דעם דעם מלך פון אלע חיות און עופות און שדים, און דעם פערפאסער פון אזא פאפולערען ווערק ווי שיר־השירים. און נאך מיט א תנאי, אז נאך דעם טויט פון דער ווייב זאל זיין אויס נדן.

איבריינענס זאגט ע.... אז די ערד איז דא זעהר פרוכט־באר, און דאס וואס ניט די „חורים" און ניט די „כנענים" און ניט די „פרעה׳ס" האבען געקענט צו שטאנד ברענגען, דאס וועט ער מיט דער הילף פון מאדערנע אגריקולטור צו שטאנד ברייננגען.

---

מיר זיינען ארויפגעפאהרען אויף א קליינעם בארג און אריינגעפאהרען אין „אבו־שושא", א טיפישער אראַ־בישער דארף. די געסלעך שמאלע, געדרעהטע, און די הייז־לעך, אדער ריכטיגער געזאגט, קאנורעס, פון לעהם אהן פענסטער, צונויפגענורעט אין הויפענס, פול מיט מיסטרוי צו גאַט׳ס שעהנער, ליכטיגער וועלט, און קופעס מיסט אנגעוואליעט פון גאט וויים וויפיעל דורות, צו דערזעל־

ביגער צייט וואס די פעלדער ארום געהען איין פון יאהר צו יאהר, און בעטען זיך מע זאל אויף זיי א הייפעל מיסט ארויפווארפען.

אהן א נוץ בלייבט דער הויפען מיסט דאך ניט. אין דעם אראבישען דארף פערטרעט דאס מיסט־בערגעל דעם ארט פון א פריזבע אין דער ליטע. אהין פערקלייבט מען זיך געוועהנליך צו רויכערען און צו שמועסען, אדער גלאט אזוי צו ליגען אויסגעצויגען און פוילענצען אין דער זון.

---

אונזער וואגען האט זיך קוים מיט מיה דורכגעדרעהט דורך די ענגע געסלעך, ביז מיר זיינען ווידער געווען ארויס פון דארף.

קומענדיג צום שפיץ בארג, איז דער וואגען אריינגע־פאהרען אין א הויף ארומגעמויערט מיט א דיקער שטיי־נערנער וואנד, און האט זיך אפּעשטעלט נעבען א הויכען שטיינערנעם בנין.

מיר זיינען ארונטערגעקראכען פון וואגען מיעדע און צובראכענע פון דער טרייסלעניש פון וועג.

דער אויפזעהער, א יונגער נעטער אראבער, איז אונז ארויס אנטקעגען, און נאך א פריינדליכען „מארחאבאן“, האט ער אונז געבראכט אויף׳ן צווייטען עטאזש, אין א בעקוועמען זויבערען צימער, וואס ווערט שטענדיג געהאל־טען גרייט פאר געסט.

די שטיינערנע קיהלקייט פון דעם צימער איז געווען אן ערפרישונג נאך די הייסע שטראהלען, וואס האבען אונז געבראטען די גאנצע צייט פון אונזער פאהרען.

ווי אן ערפאהרענער רייזענדער, האט ע... מיטגע־
בראכט צידה לדרך פון דעם האטעל אין רחובות. דער יונ־
גער אראבער האט געגרייט צום טיש און מיר האבען זיך
תיכף גענומען צו דער סעודה. נאך'ן עסען איז געקומען
שווארצע קאווע אין קליינע שעלכעלעך אויף'ן אראבישען
שטייגער.

די גאנצע צייט האב איך געהאט דאס געפיהל, ווי איך
בין אין א טהורעם פון א רויבער־באראן אין מיטעלאלטער.
דאס הויז, די דיקע מויער ארום, און די אפגעזונדערטקייט
האבען געמאכט דעם איינדרוק מעהר פון א פעסטונג ווי
פון א וואוינונג פאר מענשען.

געענדיגט אונזער קאווע, זיינען מיר ארויס אויף'ן
באלקאן, און האבען געהאט פאר זיך די פרעכטיגסטע פא־
נאראמא וואס מיר איז ביז איצט אויסגעקומען צו זעהן
אין ארץ ישראל.

דער גאנצער טהאל פון שרון איז געווען אויסגע־
שפרייט פאר אונזערע אויגען אין אלערליי בונטע קאלירען.
אט איז די קאלאניע עקרון, און אט דארט איז רחובות און
נאך ווייטער ראשון לציון, און אט אין אן אנדער זייט איז
רמלה ; אט איז דער שפיץ פון מאשיי און אט איז דער
קלויסטער. און ווייט ביים האריזאנט א פאס פון ים הגדול...

די לופט איז געווען באלזאמדיג און קלאר. די לאנד־
שאפט א זאנפטע און בערוהיגענדע, און ווי צוגע־
פאסט פאר א שטילען אנשוויליכען לעבען...

---

זיצענדיג אויף דעם באלקאן האט אונז ע... דער־

צעהלט די געשיכטע פון דעם מערקווירדיגען בנין און פון דער דיקער מויער.

די געשיכטע איז לחלוטין ניט געווען אין איינקלאנג מיט דער זאנפטער שעהנקייט פון דער געגענד, וואס איז געווען פאר אונזערע אויגען.

מיט יאהרען און יאהרען צוריק איז געקומען אין ירושלים א דייטשער איד. ער האט זיך ביטער געפלאגט און געליטען גרויס נויט, ביז ער איז איין טאג אוועק צו די מיסיאנערען און האט געמאכט א חילוף — א נשמה אהן אידישקייט פאר געלד מיט קריסטליכקייט.

ווי נאר ער האט זיך גע'שמד'ט האט עס איהם אנגעהויבען געהן דורך טיהר און דורך טויער. און אזוי שנעל ווי ער האט זיך דערשלאגען צו א סומע געלד, איז ער געווארען א פראצענטניק. ער פלעגט אנטלייען די אראבישע פעלאחין געלד אויף מורא'דיג גרויסע פראצענטען, און אין משכון פלעגט ער נעהמען זייער לאנד.

על פי רוב פלעגט דער חוב און די פראצענט וואקסען און וואקסען אזוי לאנג, ביז דאס לאנד פלעגט איבערגעהן אין זיינע הענד.

אויף אזא אופן איז ער געווארען דער אייגענטימער פון א שטיק ערד אין „אבו שושא", וואו ער האט זיך מיט דער צייט בעזעצט. פון דאנען ארויס האט ער אזוי ווי א שפין פערשפרייט זיין נעץ אויף די ארומיגע אראבער, און האט אויסגעזויגען זייער האב און גוטס.

די פעלאחין האבען איהם פיינט געהאט ווי א „שאי-טאן" און האבען זיך געצאפעלט אין זיינע נעגעל.

האט ער בעשלאסען זיך דא אויפצובויען א הויז און דאס הויז צו מאכען וואס שטארקער און בעפעסטיגטער. ער האט געוואוסט אז די פעלאח'ן האבען איהם פיינט. אבער אין דער שטיינערנער פעסטונג האט ער זיך געקענט אויסלאכען פון זייער האס.

די מפלה פון דעם משומד־פראצענטניק איז געקומען דוקא נים צוליעב זיינע פראצענטען, נאר צוליעב — א שעהנער אראבערקע, אויף וועלכער ער האט געווארפען אן אויג אדער אויסגעשטעקט א האנד...

האט איין טאג א קויל פון אן אראבער געמאכט אן ענד צו זיין גייצינקייט מיט זיין ליעבע צוזאמען...

# XXXVIII.

# אומגעדולד

פון ים צו ים פון לאַנד צו לאַנד,
אומזיסט דעם זאַק געטראָגען,
פון איינעם שווערע שטיינער בלויז,
פון צווייטען ווינד געקראָגען...

פון לאַנד צו לאַנד פון הויז צו הויז,
ביי יעדער טיש געזעסען,
און אומעטום געקראָגען בלויז
מיין אייגען ברויט צו עסען...

האָב איך געלאַכט און האָב געוויינט —
מיך האָט אַן אַנגסט בענומען:
אַנטקעגען מיר איז אומעטום
מיין שאָטען אַנגעקומען...

נעסט זיינען געקומען און נעסט זיינען אוועק און מיר זיינען נאָך אַלץ געוועזן אין האָטעל. איך בין געוואָרען אַ בן־בית מיט בעזונדערע רעכט. איך האָב זיך, למשל, געקענט פערגינען די חוצפה צו הייסען ברייננען טהיי מיט טאָרט אין אַ צייט פון טאָג ווען געוועהנליכע געסט פרעהען זיך, אז מע לאָזט זיי שלאָפען.

דער האָטעליער האָט מיך אויף אַזוי ווייט גענומען האַלטען פאַר אַן איינגעסעסענעם, אַז ער האָט מיר אַפילו דער־צעהלט פון דעם גוטען סעזאָן וואָס ער האָט היינטיגס יאָהר געהאַט. פאַר נעקסטען יאָהר פּלאַנט ער אויפצו־שטעלען אַ צוויי־גאָרטנדיגען מאָדערנעם האָטעל, וואָס זאָל זיין אַ שיינדעל פאַר רחובות. די צרה איז נאָר וואָס ער קען ניט קריגען אַ שטיקעל פּאַסיג לאַנד. בלויז צוויי דינאָם בעדאַרף ער סך־הכל און די רייכע מאַדאַם ד... האָט אַ סך לאַנד, וואָס זי האָט גערשנט פון איהר מאַן מיט יאָהרען צוריק, אָבער פיעל מע ניט איהר, וויל זי מעהר, און אַז מע גיט איהר דעם מקח וואָס זי אַליין פערלאַנגט, האָט זי חרטה. איהרע קינדער האַלט זי אין אויסלאַנד און זי אַליין זיצט דאָ און קוקט צו ווי דאָס לאַנד כפל'ט זיך אין פּרייז פון יאָהר צו יאָהר דורך דעם וואוקס פון דער קאָלאָניע. דערווייל פּוסטעוועט דאָס לאַנד און קיין מוטער מענש האָט דערפון קיין נוץ ניט. און רעדט איהר מיט איהר, האַלט זי זיך פאַר איינע פון די אויפבויערס פון רחובות.

---

ווי היימיש מיר זיינען דאָרט געווען, איז דאָס לע־בען אין האָטעל מיר וואָס אַ טאָג אַלץ מעהר נמאס געוואָרען. און אַזוי ווי אַ פרומער איד וואַרט אויף משיח'ן, אַזוי האָב איך געוואַרט אויף דעם טאָג ווען מיר וועלען אַריינציהען אין אַן איינענער דירה און ווערען בעלי־בתים פאַר זיך. אַזוי לאַנג ווי איך בין איינגעשטאַ־נען אין האָטעל, בין איך געווען אַ טוריסט, אַ פרעמדער

און מיר האט זיך געוואלט וואס שנעלער זיך איינ׳תושב׳ען אין דער קאלאניע און אנהויבען צאהלען דעם „מס-המושבה״...

מעהר פון אלצדינג האט מיר דערעסען וואס איך האב געמוזט אלע וויילע אז אנדער גאסט געבען א תשובה אויף דער פראגע: פאר וואס פאהר איך ניט זעהן ירושלים, דעם הר הזיתים, די הייליגע קברים א. א. וו.?

פון די פיעל טוריסטען, וואס האבען זיך דורכגע-דרעהט אין מלון קלוביצקי אין די צעהן וואכען וואס איך האב דארט פערבראכט, האט קיינער ניט געקענט פער-שטעהן, פאר וואס איך האב זיך פעררוקט דוקא אין רחובות?

אז קיין ביארע אדער מאנדעל-גארטען וויל איך ניט קויפען און קיין קאלאניסט האב איך ניט בדעה צו ווע-רען, היינט וואס פאר א ארט איז רחובות?

---

פיעל פון דידאזיגע טוריסטען האבען בעוויזען דעם קונץ צו זיין אומעטום און בעזעהן אלע מערקווירדינקיי-טען פון ארץ־ישראל אין דעם משך בלויז פון איין וואך. איבעריגענס זיינען עס געווען על פי רוב מענשען פער-נומענע, סוחרים, דאקטוירים, שריפטשטעלער. צופיעל צייט האט מען ניט געהאט. מע איז געקומען בלויז אויף א קורצען יום־טוב, האט מען ממילא געמוזט אפ-מהאן די „ארבייט״ בחפזון. איך זאג „ארבייט״, ווייל פיעל האבען אויסגעזעהן פעריאגט און פערמוטשעט ווי מענשען וואס הארעווען שווער און ביטער...

בעזונדערס נעאיילט האבען זיך די שריפטשטעלער און זשורנאליסטען, וועלכע האבען שוין פאראוים קאפיטאליזירט זייערע איינדרוקען איבער פאלעסטינא. אויף זייערע ביכער אדער ארטיקלען האבען שוין דארטען די צייטונגען און זשורנאלען די אויגען אויסגעקוקט, און די זעצערס האבען אונגעדולדיג געווארט אויף דעם מאנוסקריפט.

קליגער פון אלע זיינען געווען די יעניגע וואס מע האט געזאגט אויף זיי יאקבי, אז זיי האבען זייערע ארטיקלען אנגעשריבען בעצייטענס, קומענדיג מיט דער שיף קיין יפו:
פראקטישע מענשען...

---

איך בין געווארען אזוי אונגעדולדיג, אז איך פלעג גאנצע טעג ניט וויסען וואס מיט זיך צו טהאן. פלעג איך אלע טאג קומען מאטערען פון דעם ניי דעם ארע־מען מ... ער זאל ווידער אריבערגעהן ריידען מיט דעם קאלכער, אולי ירחם.

פלעגט ער זיך אנגורטלען מיט מוטה און געהן אויף קדוש השם. אבער געקומען צוריק איז ער תמיד א נידערגעשלאגענער און איך האב שוין פערשטאנען, אז ער האט געכאפט א פיינעם אפשנים פון דער קאלכערקע און איז קוים מיט'ן לעבען אנטלאפען.

אזוי זיינען אוועק וואכען און וואכען און איך האב שוין אנגעהויבען קלערען, אז סוף כל סוף וועל איך מוזען פערלאזען די שעהנע רחובות און זוכען מיין הייס ערגעץ אנדערסוואו.

איין טאג איז מ... ארייגעפאלען אין מיין צימער א פערסאפעטער מיט דער פרעהליכער בשורה, אז מיר האבען געזיעגט. די קאלכערקע האט קאפיטולירט. זי איז גרייט ארויסצוציהען —

איך האב מ... אזש געוואלט ארומנעהמען פון שמחה. די אויגען זיינען אונזביידען געוועז נאס.

— אזוי שנעל ווי —

— ווי וואס? — פרעג איך און שפיר ווי די דמים פאלען מיר איין פון עפעס א שרעקליכער קאטאסטראפע וואס דארף פאסירען.

— ווי... ווי מיר וועלען איהר אויסזוכען אן אנדער וואוינונג.

— און איהר האט איינגעוויליגט?...

דער שעמעוודינער מ... קוקט מיך אן מיט זיינע נאאיווע בלאע אויגען.

— דאס איז א לייב, ניט קיין אידענע...

---

האבען אלע אונזערע פריינד זיך אוועקגעלאזט זו־כען א דירה פאר דעם קאלכער, ביז מע האט איינע געפונען. איז אבער דארט געווען דיזעלבינע געשיכטע ווי ביי אונז. יענער שכן האט גע׳טענה׳ט, אז ער וועט ארויסגעהן אויב מע וועט איהם שאפען אן אנדער דירה.

א האלבע קאלאניע האט זיך פעראינטערעסירט אין דעם ענין און אין א פאר וואכען ארום איז אונזער דירה געוועז, מיט מזל, אויסגעליידיגט.

---

דער לאנג־געגאהרטער טאג איז געקומען.

נעכטען האָט אַ גרויסער אַלטער קעמעל געבראַכט צו טראָגען די כלי־בית, וואָס מיר האָבען איינגעקויפט אין יפו. אויסער וואָס איין ווענטעל פון אַ בעט איז צו־בראָכען געוואָרען, איז דער טראַנספּאָרט אַריבער בשלום. כ'האָב צוגלייך געקריגען דעם שרייב־טיש וואָס איך האָב בעשטעלט ביי אַ געוועזענעם רעדאַקטאָר פון „וועקער", אַ גוטער אידישיסט און נאָך אַ בעסערער סטאָליאַר, וואָס איין גאָט ווייס ווי אַזוי ער איז מגולגל געוואָרען קיין תל־אביב.

היינט האָב איך אין דעם „מסכת עדות" פון אונזער האָטעל אַריינגעשריבען מיין נאָמען צוזאַמען מיט אַ פּעטע פּאַרציע שבחים אויף די עסענס, בעהאַנדלונג א. א. וו., זיך צוזעגענט מיט דעם בעל־הבית און מיט די געסט, אויף וועלכע איך האָב געקוקט ווי אַ בעפרייטער קוקט אויף די וואָס בלייבען צוריק אין תפיסה, און בין מיט אַ לייכטען פרייען הארצען אוועק אין אונזער איי־גענע היים.